ביבליאָטעק פון „סאָוועטיש היימלאנד" (42 — 43) 6—7 №

בײַלאגע צום זשורנאל נומ. 6—7, 1984

## ארן ווערגעליס

# א וואָרט אפן אָרט

(פאָלעמישע נאָטיצן)

העפט 2

פארלאג „סאָוועטסקי פּיסאטעל" • מאָסקווע • 1984

## פונעם אוטאָר

אינעם העפט 2 פון „א וואָרט אפן אָרט" זײַנען אײַנגעשלאָסן מאטעריאלן, וועלכע זײַנען פארעפנטלעכט געוואָרן אין „סאָוועטיש היימלאנד" אין גאנג פון דער פּאָלעמיק מיט די רענעגאטן פון דער פּראָגרעסיווער יידישער פּרעסע אין פּשא און קאנאדע.

הײַנט־צו־טאָג פארלירט ניט די פּאָלעמיק איר אקטועלקײַט, אף וויפל די אָפּאָרטוניסטישע, אנטיסאָוועטישע קויכעס אף דער יידישער גאס זעצן פאָר זייער שעדלעכע טעטיקײַט.

## ווען עס לויבט דיך דער סוינע, — טו א גוטן טראכט...

דער קאָלומניסט יאנקעוו גלאטשטיין טיילט מיט אין ציוניסטישן „טאָג-מאָרגן-זשורנאל" פאַרן 30 יול 1971, אז ער „אנערקענט די וואַרעמע יידישע שטעלונג, וואָס די יידישע קאָמוניסטן (אזוי רופט ער אָן די רעדאקציע פון דער צייטונג „מאָרגן-פרייהייט". — א. ח.) האָבן גענומען קעגן דער פוילישער רעגירונג". ער שאצט אָפּ די שטעלונג פון דער „מאָרגן-פרייהייט" ווי א „ריכטיקע".

ניט באנוגענענדיק זיך מיט פאָלקס-פוילן, שאצט גלאטשטיין אָפּ ווי „א ריכטיקע" אויך די שטעלונג פון דער „מאָרגן-פרייהייט" „בענעגייע דער סאָוועטישער אכזאָריעס נאָך דער זעקסטאָגיקער מילכאָמע". אזוי בעפּויעל-מאמעש דריקט זיך אויס דער קאָלומניסט פון דעם „טאָג-מאָרגן-זשורנאל" יאנקעוו גלאטשטיין! און ער ענדיקט זיין לויבגעזאנג מיט אזעלכע ווערטער:

„נו? איז טאקע זייער שיין, וואָס יידישע קאָמוניסטן באהאנדלען די דאָזיקע אלע מייסים ווי עס באדארף צו זיין — מיט יידישע אויגן און מיט א יידיש הארץ"... ער נעמט שוין פאָדערן און אונטערטרייבן: „פאָרט, נו? דארף מען... לערנען דעם ריכטיקן מוסער-האסקל". ער איז זיך מויִדע, אז עס עגבערט אים „א פראגעלע": „ווי לאנג מעג מען זיין איינגעגלייבט"... דאָס הייסט — ווי לאנג מעג מען זיין איינגעגלייבט אין די אידעאלן פון דער פּראָגרעסיווער באוועגונג, וועלכע האָבן, ווי מיר ווייסן, געפורעמט און געכאָוועט די „מאָרגן-פרייהייט"?

מיר ווילן אויסשרייען אונדזער אומרו: ווען דער סוינע לויבט, איז דאָך א כילעלהאשעם... עפשער וואָלטן מיר זיך צוריקגעהאלטן פון

זאָגן עס, נאָר דער אומרו ווערט באַזונדערס גרויס, ווען מיר זעען, אַז
גלאַטשטיינס אַרויסטרעטונג האָט ניט אַרויסגערופן קיין שטאַרקן ווידער-
ווילן בא די רעדאַקטאָרן פון דער „מאָרגן-פרייהייט". פאַרקערט, אין
וועכנטלעכן פּרעסע-איבערזיכט, וועלכן עס האָט אין דער צײַטונג פאַר'ן
2 סעפּטעמבער 1971 פאַרעפנטלעכט אירער א מיטאַרבעטער, מיטן
פּסעוודאָנים „א באַאָבאַכטער", ווערט גלאַטשטיין אָפּגעדאַנקט און אונ-
טערגעמונטערט אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם, וואָס איינער א פּ. ל. גאָלד-
מאַן האָט אין „טאָג-מאָרגן-זשורנאַל" „געשטראָפט" יאַנקעוו גלאַטשטיי-
נען, האַלעמײַ ער האָט געמאַכט קאָמפּלימענטן דער „מאָרגן-פרייהייט".
דער אַוטאָר פונעם איבערזיכט דערגייט צו דעם, אַז ער נעמט זיך דינ-
גען מיט גלאַטשטיינען: די קאָמפּלימענטן דער „מאָרגן-פרייהייט" זײַנען
ניט געווען", — און ער פאַדערט פון דעם „גרויסן און אומאָפּהענגיקן
(?! — א. וו.) דיכטער" „מער געוואַגטקייט".
אַן ענלעכע שטעלונג נעמט אָן כאַיִם סולער אין זײַן וועכנטלעכן
פּרעסע-איבערזיכט („מאָרגן-פרייהייט", 5 סעפּטעמבער 1971), אין וועלכן
ער „פּאָלעמיזירט" אַף א גאַנץ אָריגינעלן אויפן מיטן בילדונגס-פאַר-
וואַלטער פונעם רעאַקציאָנערן, אַנטיסאָוועטישן „אַרבעטער-רינג" י. מלאָ-
טעק. מלאָטעק האָט זיך אויך אָנגעכאַפּט פאַר דער פּאָזיציע פון דער
„מאָרגן-פרייהייט", און ער געפינט שוין פאַר מעגלעך צו ריידן מיט איר
אָפן און גראָב: „יאָ, די „מאָרגן-פרייהייט" און דער איקוף-זשורנאַל
„יידישע קולטור" דערלויבן זיך לעצטנס א ביסל צו זײַן קריטיש בע-
נעגייע רוסלאַנד און באַזונדערס קעגן פּוילן, ווײַל מע וויל אַזוי אַרום
צוהאַלטן אַרום זיך דעם לייענער. דערפאַר זוכן זיי אויך איצט זיך צו
כאַווערן מיט די נעכטיקע „סאָציאַל-פאַשיסטן" און „פאַרקויפטע לאַ-
קייען פון דער בורזשואַזיע", קעדיי צו ווײַזן, אַז מע נעמט זיי אוף אין
אַן אָנשטענדיקער געזעלשאַפט. מיר וועלן אָבער קיין שותּפים אין זייערע
מאַנעוורעס ניט זײַן... פאַרוואָס זשע קומען זיי ניט, ווי אַנדערע האָבן
דאָס געטאָן פאַר זיי, און שליסן זיך ניט אָן אין אונדזערע רייען?.. אונ-
דזערע טירן זײַנען אָפן"...
אַף דעם ענטפערט מיט א האַלב מויל כאַיִם סולער: „זייער פײַן פון
י. מלאָטעקן, וואָס ער עפנט די טירן פונעם „אַרבעטער-רינג" פאַר פּראָ-
גרעסיווע יידן. די טירן פון יידישע קולטור-קלובן פון „איקוף" און אַנ-
דערע פּראָגרעסיווע יידישע אָרגאַניזאַציעס זײַנען אויך ניט געשלאָסן

פאַר מיטגלידער פונעם „אַרבעטער-רינג" און אַנדערע ייִדישע אָרגאַני-זאַציעס".

מיט גרויס שטוינונג און מיט גרויסן אומרו זײַנען מיר בײַוועזנד בײַ דעם דאָזיקן דיאַלאָג, עס קומט אויף אַ נאַטירלעכע פראַגע: ווי־אַזוי איז אַהינגעקומען דער קלאַסן-צוגאַנג און פונוואַנען נעמט זיך דער צי-טער פאַר דער „אָנשטענדיקער געזעלשאַפט" בײַ די רעדאַקטאָרן פון דער „מאָרגן-פרײַהײַט"?

אָקטיאַבער, 1971

## מיר ענטפערן אויף כאַיִם סולערס אַ פראַגע

די אָנפירער פון דער „מאָרגן-פרײַהײַט" האָבן לעצטנס נאָך מער פאַרפלאָנטערט זייערע אידייִשע פּאָזיציעס, און ס'ווערט, ווײַזט אויס, נאָך אויסקומען ריידן וועגן אָט דער טרויעריקער פאַר דער פּראָגרעסיווער ייִדישער אַמעריקע דערשײַנונג.

איצט ווילן מיר בלויז ענטפערן אויף אַ פראַגע, מיט וועלכער דער מיטרעדאַקטאָר פון דער צײַטונג כאַיִם סולער ווענדט זיך דירעקט צו אונדז.

אין דער „מאָרגן-פרײַהײַט" פאַרן 16 דעקאַבער 1971 טרעט סולער אַרויס אין צוזאַמענהאַנג מיט דער נאָטיץ „ווען עס ליבט דיך דער סוינע, — טו אַ גוטן טראַכט...". ער שרײַבט: „אָט פאַרנעמט דער אַמע-ריקאַנער „בונד" די זעלביקע פּאָזיציע בענוגע דעם קאָנפליקט אין מיטעלן מיזרעך, וואָס די „מאָרגן-פרײַהײַט" פאַרנעמט"... (דאָס איז טאַ-קע אַזוי, אָבער פאַרוואָס שוין ניט אויפקשטעלן דעם וואָגן און די פערד אויף זייערע ערטער? — פאַרוואָס זאָל סולער ניט שרײַבן, אַז די „מאָרגן-פרײַהײַט" פאַרנעמט די זעלבע פּאָזיציע ווי דער „בונד"?). „נו, דער „בונד", — זעצט פאָר סולער, — איז אויך אַן אַנטיסאָוועטישע פּאָליטישע גרופּירונג. איז וואָס זשע שלאָגט פאָר דער אויטאָר אין „סאָוועטיש היימ-לאַנד", אַז מיר זאָלן אַטאַקירן דעם „בונד" פאַר זײַן צוגאַנג צו דער ייִשׂראל-פראַגע, אָדער, פאַרקערט, קאָמפּלימענטירן?"

מיר האָבן זיך שוין געקליבן צוטרעטן צו ענטפערן אױף דער פראגע, נאָר כאַים סולער לאָזט ניט, ער נעמט אַליין ענטפערן: „מיר דענקען, אז מיר דארפן... אָנווייזן, אז אין דער פראגע פון שאָלעם אין מיטעלן מיזרעך איז דער „בונד" אונדזערער א מיטקעמפער".

קלאָר ווי דער טאָג. כאַים סולער האָט רעכט זיך אויסקלייבן פאר מיטקעמפער וועמען ער וויל, האגאם, דעם עמעס געערעדט, — ס'איז גאָרניט אזוי אָבליגאַטאָריש, ער זאָל אריינעמען אין אָט דעם קאָן די „מאָרגן-פרייהייט". איבערוואַרטנדיק, ווען סולער וועט ארויסזאָגן, וואָס ער וויל, גיבן מיר דאָך אונדזער ענטפער אױף זיין פראגע.

די אָנפירער פון דער „מאָרגן-פרייהייט" האָבן מינאסטאם „גוט באַטראַכט דעם איניען". מיר פון אונדזער זייט קאָנען בלויז אויסדריקן אונדזער פארדראָס און שטוינונג, וואָס עס ווערט געטאָן איינע פון די שווערסטע פאָליטישע אוולעס אין דער געשיכטע פון דער פּראָגרעסיווער יידישער אמעריקע: די פאָלקס-צייטונג „מאָרגן-פרייהייט" ווערט אריינגעשלעפּט אין א זומפּ, פון וועלכן סע וועט שוין ניט מעגלעך זיין זי ארויסשלעפּן.

ציטירנדיק כ. סולערס נאָטיץ, ווילן מיר בעשום-אויפן ניט זאָגן, אז ווען מיר ריידן וועגן זומפּ, מיינען מיר בלויז דעם „בונד". אָט איז, אגעוו, א צווייטער ביישפּיל, וואָס באַווייזט, ווו נאָך די אָנפירונג פון דער „מאָרגן-פרייהייט" זוכט פאר זיך פארבינדעטע. אין א רעדאַקציאָנעל אַרטיקל (פארן 29 דעקאַבער 1971) לייענען מיר:

„א נייע יידישע אָרגאַניזאַציע. אן אָרגאַניזאַציע מיטן נאָמען „ציוניסטישער אַרבעטער-פאַרבאַנד" איז געגרינדעט געוואָרן אױף א צוזאַמענפאָר אין ניו-יאָרק פּאַריקע סאָף וואָך. די קערפּערשאַפט איז א פאַראייניקונג פון דעם יידיש-נאַציאָנאַלן אַרבעטער-פאַרבאַנד, פּויאַלע-ציון-פּאַרטיי און „הבונים"... אזא אָרגאַניזאַציע קאָן און דאַרף שפּילן א פּאָזיטיווע ראָל אױף אַלע געביטן פונעם אמעריקאַנער יידישן לעבן און זיך אָפּרופן ווי געהעריק אױף די ברענענדיקע פּראָבלעמען, וואָס שטייען איצט פאַרן לאַנד און איבער דער וועלט... מיט א ברייטער, פּאָזיטיווער פּראָגראַם, וואָס זאָל זיך רעכענען מיט די אַלזייטיקע פאָדערונגען פונעם מאָמענט דאָ אין לאַנד, קאָן די נייע אָרגאַניזאַציע ווערן א פאַקטאָר אין אמעריקאַנער יידישן לעבן און אזויאַרום מאַכן דעם נייטיקן ביישטייער צו יִסראָעל".

פ. נאָוויק, כ. סולער און זייערע קאָלעגן ווערן היינט שטארק אין קאַס, ווען די רעאקציאָנער-אנטיקאָמוניסטישע פרעסע וואַרפט אויס דער „מאָרגן-פרייהייט", אַז זי איז אַ קאָמוניסטישע צייטונג. לעצטנס, ווען דער ניו-יאָרקער געלער „פאָרווערטס" האָט אַזוינס אַ זאָג געטאָן אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם, וואָס אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פון פּשאַ איז באַהאַנדלט געוואָרן די פראַגע וועגן אויסשליסן פּ. נאָוויקן פון דער פּאַרטיי פאַר זיין נאַציאָנאַליסטישער שטעלונג בענוגייע דעם סאָוועטן-פאַרבאַנד, בענוגייע דעם קאָנפליקט אויפן נאָענטן מיזרעך, אין דער אָפּשאַצונג פונעם אידייִשן טאָך פון ציִעניזם אדג. — האָט זיך באַוויזן אין דער „מאָרגן-פרייהייט" (פאַרן 4 יאַנוואַר 1972) אַן אַרטיקל פון דער רעדאַקציע, אין וועלכן עס ווערט ווידער אַרויסגעשטעלט אַ פאָדערונג, מע זאָל ניט באַנוצן דעם אויסדרוק „קאָמוניסטישע „מאָרגן-פרייהייט". זי איז, זאָגט די רעדאַקציע, אַ „פּראָגרעסיווע, אומאָפּהענגיקע ייִדישע אַרבעטער- און פאָלקס-צייטונג". די איינציקע, וואָס קאָנטראָלירן זי, זיינען „די פאָרשטייער פון די ברייטע ייִדישע מאַסן".

איז שוין צייט, אַז די אָנפירער פון דער „מאָרגן-פרייהייט" זאָלן זיך אַזוי ניט נעמען צום האַרצן, וואָס עמעצער שרייבט זיי צו קאָמוניסטישן גייסט, ס'איז זיי דען ניט קלאָר, אַז קעדיי אַ צייטונג זאָל האָבן דעם קאָוועד זיך אָנרופן קאָמוניסטישע, דאַרף זי עס פאַרדינען „בײַ די ברייטע מאַסן"? און דאָ קומט די צווייטע מיספאַרשטייעניש, וועלכע דרינגט אַרויס פון דער נייער ווערטער-עקוויליבריסטיק פון די אָנפירער פון דער „מאָרגן-פרייהייט". געשיקט זיך, מיינען זיי, אַז די פּראָגרעסיווע ייִדישע מאַסן פון פּשאַ וועלן זיי דערלויבן צו ליקווידירן די „מאָרגן-פרייהייט" פון ווינטשעווסקין און אָלגינען און, צוקלעפּנדיק איר אַ שילדל פון אַן „אומאָפּהענגיקער", אַריינשטופּן זי צווישן „בונד" און ציִעניזם?

פעברואַל, 1972

## וואָס קומט פאָר אין דער „מאָרגן-פרייהייט"

אין טעל-אוויוו, אין קעגנזאַץ צו דער אַטמאָספער פון שאָוויניזם און מיליטאַריזם, וואָס הערשט אין ייִשראָעל, איז פאָרגעקומען אַ צוזאַמענפאָר פון דער פרייגטשאַפט-באַוועגונג מיטן סאָוועטנפאַרבאַנד. פון

אַלע עקן לאַנד האָבן זיך פאַרזאַמלט קימאַט צוויי הונדערט דעלעגאַטן. עס זײַנען אַרויסגעטראָטן פאָרשטייער פון דער ברייטער יִשׂראָעלדיקער עפנטלעכקײַט: דער באַוווּסטער איווריט־שרײַבער מאָרדכע אַווי־שאול, דער אָנפירער פונעם לינקן ציִוניסטיש־סאָציִאַליסטישן פאַרבאַנד פון יִשׂראָעל יאַנקעוו ריפטין, אַ פאָרשטייער פונעם שטאָטראַט פון נאַזאַרעט כאַליל כורי, די אָנגעזעענע אַדוואָקאַטן אווראָם מעלאַמעד און יאַכיאַ דזשאַוסי, דער זשורנאַליסט און געזעלשאַפטלעכער טוער נאַטאַן יעלינמאָר, דער וועטעראַן פון דער פרײַנטשאַפט־באַוועגונג מישע איידלבערג, די קאָמוניסטישע טוערן רות ליוביטש. אַ דעלעגאַציע פונעם סאָוועטישן פאַרבאַנד פאַר פרײַנטשאַפט מיט די פעלקער פון אויסלאַנד איז געקומען קיין יִשׂראָעל, קעדיי באַגריסן דעם צוזאַמענפאָר.

ווער פון די אויפריכטיקע פרײַנט פון יִשׂראָעל און פונעם סאָוועטנפאַרבאַנד וועט צווייפלען, אַז די דאָזיקע געשעעניש איז אַ פריידיקע און ביז גאָר באַדײַטונגספולע?

נאָר אָט לייענען מיר אין אַ צײַטונג, וואָס איז בײַ די לייענער באַגלייבט אַדאַנק אירע פּראָגרעסיווע טראַדיציעס, אַזאַ מיטיילונג וועגן דעם צוזאַמענפאָר פון יִשׂראָעל־סאָוועטישער פרײַנטשאַפט:

„אַ סאָוועטישע דעלעגאַציע איז געקומען קיין יִשׂראָעל צו אַ קאָנפערענץ פאַר פרײַנטשאַפט צווישן סאָוועטנפאַרבאַנד און יִשׂראָעל. דאָס דאַרף באַגריסט ווערן, ניט געקוקט דערויף, וואָס די קאָנפערענץ איז ליידער דערווײַל געווען באַגרענעצט צו די אָנהענגער פון ראַקאַך (קאָמוניסטישע פּאַרטיי פון מייער ווילנער און טופיק טובי) און געוויסע סימפּאַטיקער, אָן דער אונטערשטיצונג פון דער ברייטער יִשׂראָעלדיקער עפנטלעכקײַט... די קאָנפערענץ, וועלכע איז אָן שום ספק אָרגאַניזירט געוואָרן לויט אַ פריִערדיקער פאַרשטענדיקונג מיט מאָסקווע (? — א. וו.), איז איינס פון די מיטלען אין דער ריכטונג פון פאַרשטענדיקונג, ווי שוואַך דאָס מיטל זאָל דערווײַל ניט געווען זײַן" (מײַן קורסיוו. — א. וו.)...

איז טאַקע טשיקאַווע צו וויסן: וואָס פאַר אַ צײַטונג האָט באַגלייט מיט אַזויפיל באַוואָרענישן די מיטיילונג וועגן אָט דעם נוצלעכן צוזאַמענפאָר? צוליב וואָס האָט געטויגט דער צײַטונג זאָגן אַ ליגן, אַז, קלוימערשט, אויף דעם פרײַנטשאַפט־צוזאַמענפאָר מיטן סאָוועטנפאַרבאַנד האָבן זיך צונויפגענומען בלויז „אָנהענגער פון ראַקאַך און געוויסע סימפּאַטיקער" און אַז ס'האָט זי ניט געשטיצט די ברייטע יִשׂראָעלדיקע

עפֿנטלעכקייט? ציִ איז ניט קלאָר, אַז עס איז גאָר אַ נייַער פֿאַקטאָר אין דער ייִסראָעלדיקער געזעלשאַפֿטלעכער מיינונג, וואָס אין איין צייַט מיטן אַנטיסאָוועטישן שיידים-טאַנץ, דעם 28-טן ציִיעניסטישן קאָנגרעס, האָט זיך צונויפֿגעקליבן אין טעל-אַוויוו, אַפּצולאַכעס די בעגינס, מעיִרס, דאַיאַנס, אַ צוזאַמענפֿאָר פֿון די קויכעס פֿון פֿרייַנטשאַפֿט מיטן סאָוועטנפֿאַרבאַנד, וועלכע ווען אין דער נאָענטער צוקונפֿט, אָן שום סאָפֿעק, ווערן די מערהייַט אין דער ייִסראָעלדיקער עפֿנטלעכקייַט, און הייַנט דריקן זיי שוין אויס איר אופֿגעוואַכטן געוויסן?

צום גרויסן באַדויערן, איז די אויבן-געבראַכטע ציטאַטע גענומען פֿון אַ רעדאַקציִאָנעל אַרטיקל אין דער „מאָרגן-פֿרייַהייַט" (30 יאַנוואַר 1972).

פֿיל לייענער פֿרעגן זיך אָן אין זייערע בריוו: וואָס קומט איצט פֿאָר אין דער „מאָרגן-פֿרייַהייַט"? אין וועלכע איקער-פֿראַגן זייַנען אירע אָנפֿירער אַוועק פֿון די מאַגיסטראַל-ליניִעס פֿונעם פּראָלעטאַרישן אינטערנאַציִאָנאַליזם?

איינע פֿון אַזוינע גרונט-פֿראַגן איז — די פּאָזיציע בענעגייע דעם סאָוועטנפֿאַרבאַנד. די סטאַבילע טענדענץ פֿון די מאַטעריאַלן אויף אָט דער טעמע אין דער „מאָרגן-פֿרייַהייַט" איז אין די לעצטע יאָרן אַזאַ: אין אַלגעמיין זיך אַרויסזאָגן קעגן אַנטיסאָוועטיזם, און אין קאָנקרעטע פֿאַלן, אָפּשיר־נדיק אַ „קריטישן צוגאַנג", זיך פֿאַקטיש אָנשליסן אין אַנטיסאָוועטישע קאַמפּאַניעס. אַזוי, למשל, איז די „מאָרגן-פֿרייַהייַט" צוגעשטאַנען צו דער פּראָטעסט-טומלערייַ, בייַס די לענדער פֿונעם וואַרשעווער פּאַקט האָבן אויסגעפֿילט זייער אינטערנאַציִאָנאַלן כויוו, העלפֿנדיק דעם טשעכאָסלאָוואַקישן פֿאָלק זיך צו פֿאַרטיידיקן קעגן דער אינערלעכער און אויסערלעכער קאָנטררעוואָלוציע. ווען די אורוגווייַער פּראָגרעסיווע ייִדישע צייַטונג „אונדזער פֿרייַנט" האָט אין אַ פּאָלעמיק מיט דער „מאָרגן-פֿרייַהייַט" אָנגעוויזן אויף אָט דעם פֿאַקט, האָט די לעצטע זיך פֿאַרענטפֿערט, אַז פֿון אַ געוויסן טאָג אָן איז אויף אירע זייַטן די פֿראַגע מער ניט באַרירט געוואָרן, ווייַל די מערהייַט לייענער אירע האָבן זיך אין די ראַמען פֿון אַ דיסקוסיע אַרויסגעזאָגט פֿאַר דער האַנדלונג פֿון די סאָציִאַליסטישע לענדער, און אויך דערפֿאַר, וואָס זי, די „מאָרגן-פֿרייַהייַט", האָט דעריקער אין זינען געהאַט, עס זאָל דורכגעפֿירט ווערן אין לעבן דער אָפּמאַך, וואָס איז געשלאָסן געוואָרן אין מאָסקווע צווישן

די וואַרשע-פּאַקט-פירער מיט די טשעכאָסלאָוואַקישע פירער". אין צוזאַמענהאַנג מיט אַזאַ דערקלערונג האָט „אונדזער פרײַנט" שפּעטער מיט רעכט באַמערקט: „דאָס איז אָבער ניט גענוג. אַן אופריכטיקער זעלבסט-קריטישער אַנאַליז וואָלט דער רעדאַקציע פון דער „מאָרגן-פרײַהײַט" געדאַרפט שטויסן עפּנטלעך צו אָנערקענען, אַז זי איז באַגאַנגען אַ טאָעס אין איר אָפּשאַצונג פונעם טשעכאָסלאָוואַקישן קריזיס... און דער טאָעס נעמט זיך, לויט אונדזער באַשיידענער מיינונג, פון דעם, וואָס טיילמאָל האָט די „מאָרגן-פרײַהײַט" „אַרויסגעלאָזט דעם קאַמפּאַס פון האַנט" (אַן אויסדרוק, וואָס דער ערשטער רעדאַקטאָר פון דער „מאָרגן-פרײַהײַט" מוישע אָלגין האָט באַנוצט, ווען דער אַנטיסאָוועטיזם האָט זיך געהאַט צעבושעוועט אויף דער ייִדישער גאַס פון אַמעריקע. — א. וו.) — דעם קאַמפּאַס פון אינטערנאַציאָנאַליזם, פון סאָלידאַריטעט מיטן ראַטנפאַרבאַנד" („אונדזער פרײַנט", 27 אַפּרעל 1969).

די אָנפירונג פון דער „מאָרגן-פרײַהײַט" האָט קיין אופריכטיקן זעלבסטקריטישן אַנאַליז פון אירע פעלערן ניט געמאַכט.

אַ צווייטער בײַשפּיל איז די קאַמפּאַניע, וואָס איז פאַנאַנדערגעוויקלט געוואָרן אין דער „מאָרגן-פרײַהײַט" אין צוזאַמענהאַנג מיטן פּראָצעס איבער די עראָפּלאַן-פאַרכאַפּער אין לענינגראַד. די אָנפירער פון דער צײַטונג האָבן זיך ניט צוגעהערט צו יענע לייענער, וועלכע האָבן אין זייערע בריוו צו דער רעדאַקציע גערופן, עס זאָל צו אַט דעם איניען אָנגעווענדט ווערן אַ קלאַסן-צוגאַנג און אַ צוגאַנג פון פאַרשטאַנדיקייט צו די מעלוכע-אינטערעסן פונעם סאָוועטנפאַרבאַנד. „ווען מע זאָל אַרײַנקוקן טיף אין דעם פּראָצעס פון די עלף (ניין) ייִדן, — האָט דעם 6 יאַנואַר 1971 געשריבן דער לייענער פון דער „מאָרגן-פרײַהײַט" מייער סילוועס (ניו-יאָרק), — וועט זיך אַרויסווײַזן, אַז זיי זײַנען באַגאַנגען אַ שרעקלעכן פאַרברעכן... דער אורטייל איז ניט קעגן ייִדן, נאָר קעגן פאַרברעכער. צי איז איצט די צײַט צו אַטאַקירן דעם סאָוועטנפאַרבאַנד?" ענאַ דובינסק (בראָנקס) האָט געשריבן דעם 2 פעברואַר 1971: „דאַכט זיך, אַז די גאַנצע וועלט איז קעגן די פּיראַטן, וואָס שטעלן אין געפאַר מענטשלעכע לעבנס באַם פאַרכאַפּן אַן עראָפּלאַן... איך גלייב, אַז דער אַליאַרעם, וואָס איז געמאַכט געוואָרן, איז ניט אַזוי צו פאַרטיידיקן די פאַרמישפּעטע, נאָר ער איז מער צו אַרויסרופן האַס צום סאָוועטנפאַרבאַנד, וואָס בויט אַ נײַ סאָציאַליסטיש לעבן"... מיט רעכט האָט שפּעטער

(דעם 5 אויגוסט 1971) א. קענדזער (לאָס-אַנדזשעלעס) באַמערקט: „וועגן פאַרלעצונגען אָדער פאַרברעכנס אין סאָוועטנפאַרבאַנד שטעלט אַלעמאָל די „מאָרגן-פרײַהייט" אַרויס דעם ייִדישן עלעמענט. לאָמיר זאָגן, אַז מענטשן באַגייען פאַרלעצונגען אָדער פאַרברעכנס אין אַמעריקע. שרײַבט מען: זיי זײַנען איטאַליענער, אירלענדער אָדער ייִדן. אין סאָוועטנפאַרבאַנד, ווי מיר ווייסן, זײַנען דאָך אַלע אָנערקענט ווי סאָוועטישע בירגער. אָבער די „מאָרגן-פרײַהייט" שטרײַכט יעדעס מאָל אונטער, אַז עס האַנדלט זיך וועגן ייִדן. מע באַשטראָפט דאָך דאָרטן אַנדערע בירגער אויך, אָבער וועגן יענע זעט מען ניט, עס זאָל דערמאָנט ווערן אין דער צײַטונג. דאָס שאַפט דעם אײַנדרוק פון „אַנטיסעמיטיזם אין סאָוועטנפאַרבאַנד". פאַרוואָס אַזאַ צוגאַנג?"

די „מאָרגן-פרײַהייט" האָט בעשאַס דעם פּראָצעס אין לענינגראַד איבער די אַעראָפּלאַן-פאַרכאַפּער זיך אָריענטירט אויף גאַנץ צווייפלהאַפטע קרײַזן. ס'איז געווען אַ בושה צו לייענען, למשל, אין דעם סאָף-יאָר-נומער פון 1970 דעם „ספּעציעלן באַריכט" וועגן אַן אַנטיסאָוועטישער דעמאָנסטראַציע אין ניו-יאָרק, אָרגאַניזירט פון „אַ ריי ייִדישע אָרגאַניזאַציעס". פאַרזיצער אויף דעם מיטינג איז געווען איינער אַ ראַבײַ קלאַפּערמאַן; אַ שריפטלעכע באַגריסונג האָט צוגעשיקט דער מאַקאַרטיסט סענאַטאָר דזשאַוויטס. די „מאָרגן-פרײַהייט" האָט געלויבט די אַנטיסאָוועטישע דעמאָנסטראַציע אַלס אויסדרוק פון „טיפער זאָרג וועגן די פאַרמישפּטע אין לענינגראַד". באַזונדערס איז דער רעדאַקציע פון דער „מאָרגן-פרײַהייט" געפעלן געוואָרן די „אײַנדרוקספולע רעדע" פונעם מער פון ניו-יאָרק (דעם רופאַר פון דער אַמעריקאַנער גרויסבורזשואַזיע) לינדסיי...

אַלעמאָל, ווען די „מאָרגן-פרײַהייט" טרעט אַרויס מיט אומבאַגרינדעטער „קריטיק" קעגן סאָוועטנפאַרבאַנד און דעם סאָציאַליסטישן לאַגער, פאַרופן זיך די אָנפירער פון דער צײַטונג אויף דעם, אַז דאָס זעלבע טוען אויך אַנדערע, אפילו „גאַנצע קאָמוניסטישע פאַרטייען". דאָס איז אָבער ריינע דעמאַגאָגיע. אין פּאָליטישע דיסקוסיעס איז ניט שייך צודעקן אייגענע פעלערן מיט אַ קאָנטעקסט פון אויסערלעכע אָנגעלעגנהייטן, וועלכע זײַנען דערצו נאָך אין געגעבענעם פאַל סײַ אומפאַרגלײַכלעך לויטן סכום פון די ווירקנדיקע פאַקטאָרן, סײַ זיי ליגן אין אַן אַנדער פלאַך...

די צווייטע איקער-פראגע, אין וועלכער די „מאָרגן-פרײַהײַט" איז אָפּגעטראָטן פון די פרינציפּן פונעם מארקסיזם-לעניניזם, איז פארבונדן מיטן צוגאנג צום ציִעניזם, מיט דער אָפּשאצונג פונעם „יִסראָעל-אראבישן קריג".

דער הויפּט-רעדאקטאָר פון דער „מאָרגן-פרײַהײַט" פּ. נאָוויק פארנעמט זיך מיט סיסטעמאטיש פריידיקן א טעאָריע, אז עס איז פאראן רעאקציאָנערער ציִעניזם און ליבעראלער ציִעניזם, „שלעכטע" און „גוטע" ציִעניסטן, און אז מיט די „גוטע ציִעניסטן" איז נייטיק מיטארבעטן. דאָס צודעקן זיך מיט דער פאָרמולע „מיטארבעטן פארן שאָלעם" קאָן קיינעם ניט איבערצײַגן, ווײַל צוליב דעם זײַנען ניט נייטיק נאָוויקס רעקאָמענדאציעס: די וועלט-באוועגונג פאר שאָלעם בויט זיך לויטן פרינציפּ פון מיטארבעט צווישן אלע ריכטונגען אין געזעלשאפטלעכן לעבן. אפילע מיליארדערן (סײַרוס איטאָן), אפילע פּרעזידענטן פון בורזשואזע רעפּובליקן (קעקאָנען) מעלדן זיך צומאָל פאר שאָלעם-אָנהענגער און שליסן אָן זייערע באמיִונגען צו די שאָלעם-באוועגונגען. פּ. נאָוויק, כ. סולער און אנד. האָבן אין זינען די מיטארבעט מיט „גוטע ציִעניסטן" אף אלגעמיין-פּאָליטישע יעסוידעס, אנדערש וואָלטן זיי ניט געשטאנען הארטנעקיק אף דער וואך, מע זאָל, כאָלילע, ניט „ארײַנווארפן אין איין טאָפּ" „גוטע" און „שלעכטע" ציִעניסטן, ניט אָנרירן דעם קאָוועד פון די „גוטע". אזא איז זייער שטעלונג אין א צײַט, ווען דער ציִעניזם אינגאנצן גענומען, ווי א פּאָליטישע שטרעמונג, האָט פאנאנדערגעוויקלט קעגן דעם פּראָגרעסיוון לאגער, קעגן דעם סאָוועטנפארבאנד, אן אומווירדיקן קאמף מיט אומווירדיקע מיטלען. די אָנפירער פון דער „מאָרגן-פרײַהײַט" פּרווון אפילע שרעקן נאִיווע מענטשן: „ציִעניסטן", ציִעניסטישע סימפּאטיקער (דאָס שליסט אײַן איבערגעגעבענע פרײַנט פון יִסראָעל, וואָס האלטן זיך פאר אזעלכע סימפּאטיקער) מאכן אויס א מערהײַט פונעם יִדישן פאָלק דאָ אין אמעריקע. אויב מע זאָל זיי מיט איין זשעסט אוועקמאכן, בלײַבט פונעם פאָלק זייער א קליינע מינדערהײַט, וואָס איז פארמישפּעט צו לעבן אין איזאָליאציע" („מאָרגן-פרײַהײַט", 24 פעווראל 1971).

פאראָן טאקע אזא מיינונג, אז די מוירע איזאָלירט צו ווערן מיצאד דער בורזשואז-נאציאָנאליסטישער סוויווע האָט גוירעם געווען דעם טרויעריקן פאקט, וואָס פּ. נאָוויק און זײַנע קאָלעגן האָבן זיך אונטער-

געגעבן דער דאָזיקער סוויווע. מיר האָבן געהערט און הערן נאָך ביז איצט וועגן אָט דעם קליינמוטיקן „ארגומענט“. ס'איז אָבער איבעריק צו דערווידערן קעגן אים, ווייל ס'איז אלעמען באוווּסט די מארקסיסטישע שטעלונג, אז אין א שווערער קאמף-סיטואציע איז דאָס וויכטיקסטע: אָפּהיטן די אידייִשע פּרינציפּן, זאָרגנדיק זיך ניט אזוי וועגן דער פּיל-צאָליקייט פון די רייען, ווי וועגן דער ריינקייט פון די רייען.

אין שייכעס מיט דער פראגע וועגן „גוטע“ און „שלעכטע“ ציִעניסטן איז די שטעלונג פון די געזונטע עלעמענטן אין דער יִידישער סוויווע פון אמעריקע, ווי פון אנדערע לענדער, אזא: אויב א ציִעניסט איז פונעם שטאנדפונקט פון פּראָגרעסיוון פארשטאנד גוט, איז עס א סימען, אז ער איז שוין קיין ציִעניסט ניט. אין די ראמען פונעם ציִעניזם, אף זיין אידייִשער פּלאטפאָרמע, איז גאָרנישט ניט און קיינער ניט אָנעמבאר פונעם שטאנדפונקט פון פּראָגרעס און סאָציאלער גערעכטיקייט, ווייל ציִעניזם איז אנטיפאָלקיש, אנטיפּראָגרעסיוו, אנטיסאָוועטיש. דאָס הייסט ניט, אז א פּראָגרעסיווער יִיד אין יִיסראָעל אָדער אין אמעריקע, לע-מאָשל, קאָן ניט מיטארבעטן מיט א ציִעניסט, אָדער מיט א ראָוו, אָדער מיט א פאציפיסט אין דער שאָלעם-באוועגונג, וועגן וואָס עס האלטן אין איין „פּאָלעמיזירן“ מיט עמעצן פּ. נאָוויק און כ. סולער, פארוווּנדיק מיט דעם פארציִען מיט א נעפּל די גרונט-פּראָבלעם. אויב דער אמערי-קאנער ציִעניסט ראביי ארטור לעליוועלד, אף וועלכן עס פארופן זיך געוויינלעך די אָנפירער פון דער „מאָרגן-פרייהייט“, שליסט זיך אָן צום קאמף קעגן דער אמעריקאנער מילכאָמע אין וויעטנאם, איז עס גוט, דאָס אָבער קאָן ניט און טאָר ניט ברענגען צו אידעאָלאָגישער קאָעקזיס-טענץ מיטן ציִעניזם. ווי עס האָט געזאָגט אין זיינעם א בריוו צו דער רעדאקציע פון דער „מאָרגן-פרייהייט“ (פאַרן 24 פעווראל 1971) איִרער א לייענער פון מאיאמי ביטש הערשל: „בא מיר זיינען אידעאָלאָגיש אלע ציִעניסטן דאָס זעלבע. זיי זיינען אלע קעגנער פון סאָציאליזם. איך גע-דענק: אין די יאָרן 1904—1905 פלעגן מיר מיט זיי קעמפן, ווייל זיי זיינען שטענדיק געווען קעגנער פון די יִידישע ארבעטער, פון זייער קלאסנקאמף קעגן די יִידישע באלעבאטים“...

פונקט ווי אין זייער פּאָזיציע בענעגייע דעם סאָוועטנפארבאנד, ווענדן אויך דאָ אָן די אָנפירער פון דער „מאָרגן-פרייהייט“ א טאקטיק פון דעקלארירן איינס און טאָן עפּעס אנדערס. עס טרעפט אָבער, אז

פ. נאָוויק רעדט אָפענע רייד. אזוי, למשל, האָט ער אפן צוזאמענפאָר פון דער „מאָרגן-פרייהייט" אין אָקטיאבער 1971 געזאָגט: „עס איז אַן ערנסטער טאָעס צו מיינען, אַז די ענדערונגען אין דער טאַקטיק (פון דער „מאָרגן-פרייהייט". — א. וו.) בענוגייע דעם ציוניזם זיינען געקומען ווי א רעזולטאַט פון דער זעקסטאָגיקער מלחמה. דערלויבט מיר צו ציטירן עטוואָס פון מיינע באריכטן אף פריערדיקע „מאָרגן-פרייהייט"-צוזאמענפאָרן און קאָנפערענצן. אין מיין באריכט צום צוזאמענפאָר אין יאנוואר 1957, וואָס איז ארויס אין א בראָשור „יידיש לעבן אין אמעריקע", זאָגט זיך אף די זייטן 20—21: „אין פראַט פון ציעניזם דארף געזאָגט ווערן, אַז דאָ זיינען מיצאד דער „מאָרגן-פרייהייט" און די פראָגרעסיווע עלעמענטן ביכלאל באגאנגען געוואָרן ערנסטע טאָעסן. מיר ווארפן, פארשטייט זיך, אָפּ די בילבולים, אַז די „מאָרגן-פרייהייט" האָט אין 1929 קלוימערשט געשטיצט פּאָגראָמען אף יידן... אָבער עמעס איז, אַז סעקטאנטישע לאָזונגען זיינען ארויסגערוקט געוואָרן. עמעס איז, אַז דעמלט, און א לאנגע צייט שפּעטער, איז געפירט געוואָרן א קאמף קעגן ציעניסטן ביכלאל, ניט מאכנדיק קיין אונטערשייד צווישן איין ציעניסטישער ריכטונג און אַן אנדערער, צווישן איין ציעניסטישן פירער און אַן אנדערן, לייגנדיק אף אלץ און אף אלעמען דעם שטעמפּל: אימפּעריאליזם".

און ווייטער:

„...די „מאָרגן-פרייהייט", לערנענדיק פון די דערפארונגען, האלט, אַז דער צוגאנג פון יענע, וואָס באטראכטן דעם ציעניזם ווי עפּעס אַן אינטערנאציאָנאלע פארשווערונג אָדער ווי א סטראשידלע, איז א פאלשע און א שעדלעכע. עס איז נייטיק נאָכאמאָל צו דיפערענצירן צווישן איין ציעניסטישער ריכטונג און אַן אנדערער, צווישן נאָכפאָלגער און פירער, און אויך צווישן פירער און פירער... „(מאָרגן-פרייהייט", 7 נאָיאבער 1971)[1].

---

[1] אין אווגוסט 1929 האָט דער ענגלישער אימפּעריאליזם פּראָוואָצירט אין פּאַלעסטינע בלוטיקע צוזאמענשטויסן צווישן אראבער און יידן. אין א בוך פון יענער צייט (א. פאָמעראנץ, „פּראָלעטפען", קיעוו, 1935) לייענען מיר: „זינט די „פרייהייט" איז ארויסגעקומען מיט א קעפּל איבער די נייס — „אראבער מאסן-רעוואָלט קעגן ענגלאנד כאפּט ארום גאנץ פּאלעסטינע", האָט זיך אָנגעהויבן א מאָרד- און פּאָגראָם-העצע קעגן דער „פרייהייט" און קעגן אירע שרייבער. די בורזשואזע פען-קנעכט האָבן זיך ארופגעוואָרפן מיט געשרייען: „די קאָמוניסטן באָדן זיך אין

האקלאַל, די הײַנטיקע אָנפירער פון דער „מאָרגן-פרײַהײַט" זײַנען אריבער אַף דער פלאַטפאָרם פון מיטארבעט מיט געוויסע שאטירונגען פונעם ציִוניזם. דאָס זאָגן זיי, די אָנפירער פון דער „מאָרגן-פרײַהײַט". מיר אָבער האַלטן, אַז אין דער גרונט-פראַגע, וואָס דרינגט ארויס פון דער איצטיקער פּאָליטישער סיטואַציע, — אין דער אָפּשאַצונג פונעם כאראקטער פון דעם יִסראָעל-אראבישן קריג — שטייט די „מאָרגן-פרײַהײַט" אַף די פּאָזיציעס פונעם ציִוניזם, אומאָפּהענגיק פון שאטירונגען, פונקט אזוי ווי עס פארנעמט א ציִוניסטישע פּאָזיציע די סנע-מיקונים-גרופּע אין יִסראָעל (און דאָס, אגעוו, איז די סיבע פון דעם, וואָס די „מאָרגן-פרײַהײַט" פּראָקלאַמירט די דאָזיקע גרופּע רענעגאַטן אַלס קלוימערשטע קאָמוניסטישע פּארטיי פון יִסראָעל; לעמאָשל, דעם 1 יאַנוואר 1971 שרײַבט די רעדאקציע פון דער „מאָרגן-פרײַהײַט": „אגעוו, אין דער „דזשערוסאַלעם-פּאָוסט" פון 9 דעקאבער האָט ב.-צ. גאָלדבערג ארויסגערוקט די „כאָכמע", אַז די „מאָרגן-פרײַהײַט" וואקלט זיך צווישן

---

יִדיש בלוטו!", „די „פרײַהײַט" דאַרף מען פארניכטן!". מע האָט ניט באָר געשריגן... דרײַ מאָל האָט מען גראָמירט די קאָנטאָר פון דער „פרײַהײַט" אין טשיקאַגאָ. דאָס זעלבע האָט מען געפּרוּווט טאָן אין קליוולענד, באָסטאָן, דעטראָיט, ניו-יאָרק און אנדערע שטעט. מע פלעגט צעבלוטיקן ארבעטער, בא וועלכע מע האָט געפונען א „פרײַהײַט". מע פלעגט בא די צײַטונג-פארקויפער ארויסכאַפּן די „פרײַהײַט", צערײַסן זי און פארברענען... און דאָס אַלץ דערפאַר, ווײַל די „פרײַהײַט" האָט געוואגט צו שרײַבן, אַז די פּאלעסטינער געשעענישן האָבן זיך פארוואנדלט אין אן אראבישן מאסן-אופשטאנד קעגן ענגלאנד און קעגן אירע ציִוניסטישע מעשאָרסים".

ווען די שרײַבער לייוויק, מעניכעם, רייזען, ראבאָי האָבן פארעפנטלעכט א דערקלערונג, אַז זיי שטימען ניט אײַן מיט דער שטעלונג פון דער „מאָרגן-פרײַהײַט" און דערפאַר פארלאָזן זיי זי, האָט די „מאָרגן-פרײַהײַט" געענטפערט, אַז די אנטלאָפענע האָבן באוויזן מיט זייער האנדלונג, אַז זיי זײַנען אָפּגעטראָטן פאַר דער בורזשואזער געזעלשאפטלעכער מיינונג. „בײַס דער ציִען-וואקכאנאַליע האָט בא זיי גוויוער געוועזן דאָס פּינטעלע ייִד..."

מוישע נאדיר האָט דאַן אָפּגעדרוקט זײַן ארטיקל „צאר-וואקכאנאַליע" („מאָרגן-פרײַהײַט", 14 סענטיאבער 1929), אין וועלכן ער ווענדט זיך צו רייזענען, לייוויקן און ראבאָיען און רופט זיי צוריק זיך אומקערן אין דער „מאָרגן-פרײַהײַט". ער שרײַבט, אַז ס'איז צײַט, „מיר זאָלן בא זיך אָפּמאכן מיט א שוווּע, אַז מיר זײַנען: פאַר דער קאָמוניסטישער פּארטיי אין איר קאַמף קעגן דער וויסטער שווינדלערישער ציִעניסטישער פּאָליטיק... מיר גייען ניט מיטן סוינע — קיינמאָל, קיינמאָל ניט. וואָס ס'זאָל זיך ניט טאָן, דערווערטירן מיר ניט — קיינמאָל, קיינמאָל ניט פון די רייען פון די יִדישע ארבעטער, אַף אזויפיל, אַף וויפל זיי זײַנען א טייל פון דעם גאנצן פּראָלעטאריאט, ווײַל נאָר אזוי קאָנען מיר אָפּשאפן מילכאָמעס, אומיוישער, שלעכטיקײַט, בלינדקײַט און מענטשן-סינע פון דער וועלט"...

מק"י (מיקוניס-סנע-ווילענסקע-פּאַרטיי) און ראַקאַח (ווילנער-טובי-פּאַרטיי). דאָס איז אַ בויך-סוואָרע. מיר זײַנען מאַסקים מיט מק"י (אָדער זי מיט אונדז), אַז ישׂראל האָט אין דער זעקסטאָגיקער מלחמה זיך פֿאַרטיידיקט. דאָס איז פֿונדאַמענטאַל").

אינטערעסאַנט איז, אַז אין דער אויבן-דערמאָנטער פּאָלעמיק מיטן אורוגווײַער „אונדזער פרײַנט" האָט די רעדאַקציע פֿון דער „מאָרגן-פרײַהײַט", דערפֿילנדיק, אַז איר פּאָזיציע וועגן דעם כאַראַקטער פֿונעם זעקסטאָגיקן קריג איז, ווייך גערעדט, אַ גליטשיקע, פֿאָרגעלייגט, אַז די דאָזיקע פֿראַגע זאָל אויך, ווי די „טשעכאָסלאָוואַקישע פֿראַגע", „אָפּגערוקט ווערן אין אַ זײַט". אויף דעם האָט „אונדזער פרײַנט" געענטפֿערט: „פֿאַרוואָס זאָל מען דאַרפֿן „אָפּרוקן אין אַ זײַט" די פֿראַגע וועגן כאַראַקטער פֿון דער זעקסטאָגיקער מלחמה? גראָד די ריכטיקע באַנעמונג פֿון דער דאָזיקער פֿראַגע וועט דערלויבן די ברייטע מאַסן בעסער צו פֿאַרשטיין די געפֿערלעכקײַט פֿון דער פּאָליטיק, וואָס עס פֿריידיקן די דאַיאַנס און די בעגינס... אויב „אַ מלחמה איז אַ פֿאָרזעצונג פֿון דער פּאָליטיק" (לענין), און אויב נאָוויק אַליין האָט געשריבן, אַז „נאָך דער גערעכטער מלחמה פֿון 1948 האָט דער שאָוויניזם, דער אַנטיסאָוועטיזם און די כניפֿע צו מיזרעך, די אָפּמאַכן מיטן שטאַטס-דעפּאַרטאַמענט און מיט מיזרעך-דײַטשלאַנד געבראַכט ישׂראל גוואַלדיקן שאָדן", — האָט די מלחמה פֿון די קרײַזן, וועלכע האָבן געפֿירט אַזאַ פּאָליטיק, ניט געקאָנט זײַן קיין גערעכטע מלחמה, נאָר אַ פֿאָרזעצונג פֿון דער דאָזיקער פּאָליטיק. נאָך מער: אויך די אַנעקסיאָניסטישע פּאָליטיק נאָך דער מלחמה באַשטעטיקט די ווירקלעכע צילן, וואָס די ישׂראל-הערשער האָבן זיך געשטעלט מיט איר" („אונדזער פרײַנט", 27 אַפּרעל 1969).

מיר האָבן ניט וואָס צוצוגעבן צו דעם אַנאַליז פֿון דער שטעלונג פֿון דער „מאָרגן-פרײַהײַט" צו דער זעקסטאָגיקער מלחמה, וואָס עס גיט די צײַטונג „אונדזער פרײַנט".

פֿאַראַן נאָך אייניקע פֿראַגן אין שײַכות מיט דער איצטיקער לאַגע אין דער „מאָרגן-פרײַהײַט", וועגן וועלכע מיר וועלן, אויב ס'וועט זײַן נייטיק, זיך אַרויסזאָגן שפּעטער. אין אַפּרעל 1972 וועט די „מאָרגן-פרײַהײַט" פֿײַערן איר פֿופֿציקיאָריקן יובילײ. דאָס האַרץ באַ יעדן פּראָגרעסיוון ייִדישן לייענער טוט וויי פֿון דער אידייִשער יערידע, וואָס

הערשט איצט אין דער צײַטונג, וועלכע איז אזוי באליבט געווען בא די ייִדישע מאסן אין אמעריקע און אין אנדערע לענדער. איינצײַטיק דערמיט ווילן מיר האָפן, אז די „מאָרגן־פרײַהײַט" וועט געפינען אין זיך קויכעס צו בײַקומען די שווערע צײַט און ווידער זיך אומקערן צום מאַצעוו פון א שלאכט־טריבונע פארן פּראָגרעסיוון ייִשעוו אין פּשא.

1972 ,מארט

## צוליב וואָס פארלויפן דעם וועג

אין דער קאַנאדער „וואָכנבלאט" האָט דער באשטענדיקער קאָמענטאטאָר אירער אישיקע אויסגעדריקט באגײַסטערונג מיט דעם ערשטן טייל פון אוראן גוראלניקס אווטאָביאָגראפיש ווערק „נעכטן, הײַנט, מאָרגן", וואָס איז פארעפנטלעכט געוואָרן אין סענטיאבער־נומער פון „סאָוועטיש היימלאנד" פארן 1973. „אונדז האָט מאמעש פארכאפּט דער אָנהייב פון די זיכרוינעס פון דעם סאָוועטישן ייִדישן געלערנטן", — שרײַבט אישיקע, און ער מערקט אָפּ „דעם זעלטן געשמאקן און זאפטיקן אוקראַיִנישן ייִדיש" פון די נאָטיצן; עס אימפּאָנירט אים דעם אווטאָרס ייִכעס (ער שטאמט פון וויניצער גוראלניקעס און ליטינער אָכאָטניקעס), זײַן שטאָלצירן דערמיט, וואָס ער האָט „פארענדיקט די דריטע ייִדישע מוסטער־שול", זײַן גאנצער לעבנסגאנג „ביז צו פארעכענען זיך אלס רוסישער סאָוועטישער אינטעליגענט".

אישיקע ברענגט א כאראקטעריסטישע ציטאטע פון אוראן גוראלניקס ווערק: „אלס סאָוועטישער אינטעליגענט, אלס געלערנטער און ליטעראט, וועלכער איז אויסגעוואקסן אין די באדינגונגען פון סאָציאַליזם, בין איך דערצויגן געוואָרן אף דרײַ ברידערלעכע נאציאָנאלע קולטורן. אינעם באוווסטזײַן פון מײַן דאָר „סטיקעווען" זיך צונויף, דאָס הייסט, עס פלעכטן זיך איבער אפּן בעסטן אויפן די אוקראַיִנישע, רוסישע, ייִדישע קולטורן. יעדע פון זיי, א באנײַטע אין דער סאָוועטישער עפּאָכע, איז אונדז טײַער, יעדע פון זיי נעמען מיר אוף, ווי אן אייגענע. צוזאמען דערמיט, אין אָט דער נײַער שמעלצונג פון די בעסטע עלע-

מענטן פון די קרויוויש געוואָרענע נאַציאָנאַלע קולטורן, אנטפּלעקט זיך יעדע פון זיי אין אן אנדער מין העכערער גײַסטיקער קוואַליטעט. אזא איז די דיאַלעקטיק פון דער אנטוויקלונג".

דאַכט זיך, אז אלץ איז דאָ קלאָר. דער לייענער געפינט בעפּיירעש אין גוראַלניקס קינסטלערישער אווטאָביאָגראַפיע א ביז גאָר וויכטיקן פּראַט פונעם קאָמפּליצירטן בילד, וואָס עס שטעלט מיט זיך פאָר די יידישע באַפעלקערונג אין סאָוועטנפאַרבאַנד. פון די 2,5 מיליאָן סאָוועטישע יידן האַלטן זיך אַרום 350—400 טויזנט בא יידיש, אלס זייער מוטערשפּראַך. נו, און די „איבעריקע" צוויי מיליאָן, צי מערער יידישע בירגער? וויאַזוי דאַרף כאַראַקטעריזירט ווערן זייער קולטור-מאַצעוו, די שפּראַך-אָנגעהעריקייט זייערע? דער סאָוועטישער ייד אוראַן גוראַלניק האָט אָנגעהויבן אין דער „דריטער יידישער מוסטער-שול", אין געוועזענעם יידישן טכום, און איצט איז ער אן אָנגעזעענער טוער פון דער אלסאָוועטישער ליטעראַטור-וויסנשאַפט. אויב אָביעקטיוו זיך פאַנאַנדערקלײַבן אין זײַן לעבן, מאַלנדיק זיך עס אפּן פאָן פון דער סאָוועטישער ווירקלעכקײַט, פון דעם בונד פון גלײַכבאַרעכטיקטע פעלקער, איז עס אן איליוסטראַציע צו „צוואַנגס-אסימיליאַציע", אָדער א היסטאָריש-באַדײַטונגספולער בײַשפּיל פונעם נײַעם פאָלקס-גורל?

אין פאַרגאַנגענעם 1973 יאָר האָט „סאָוועטיש היימלאַנד" דערציילט אין צוויי פאַרשיידענע לויטן זשאַנער דאָקומענטאַלע ווערק וועגן צוויי טיפּישע טוער פון דער סאָוועטישער קולטור, וועלכע טראָגן דעם היכן טיטל דאָקטאָר פון פילאָלאָגישע וויסנשאַפטן — וועגן הירש רעמעניקן („סאָוועטיש היימלאַנד" נומ. 4, 1973), וועלכער איז געווען און איז פאַרבליבן א יידיש-ריידער און א יידיש-שרײַבער, און וועגן אוראַן גוראַלניקן, א שעפער פון דער רוסישער קולטור, וועלכער רעדט און שרײַבט אויך אף יידיש. צום באַדויערן, טרעפן מיר זעלטן אין דער יידישער ליטעראַטור שילדערונגען וועגן פיל הונדערטער טויזנטער יידן אין סאָוועטנפאַרבאַנד (ווי אין אנדערע לענדער), וואָס דער גאַנצער סכום קולטור-באַדערפענישן און קולטור-שעפערישקײַטן ווערט בא זיי באַפרידיקט ניט אין יידיש.

דאָס בילד איז קאָמפּליצירט. אין יידישיסטישע קרײַזן וויל מען וועגן דעם ניט וויסן. די ציוניסטן, ווי באַוווּסט, פּאַסן צו די ריעלע לעבנספאַקטן צו זייערע פאַרטייאישע דאָגמעס. ווען עס קומט קיין יִסראָעל אן

ארויסגעפּאָרענער פון סאָוועטנפאַרבאַנד, וועלכער האָט אין לעבן ניט גע־טראַכט פון ייִדישער קולטור און ליטעראַטור און האָט קלאָר ניט גע־ווּוסט די ייִדישע שפּראַך, טראָגן זיי אים אונטער ווי א „קעמפער פאַר ייִדישער אידענטיטעט".

די פּראָגרעסיווע קויכעס אינעם ייִדישן לעבן זײַנען מעכויעוו צו אַנאַליזירן דעם איניען אָביעקטיוו, מיטן אויסזיכט אף דער צוקונפט, שטייענדיק מיט ביידע פיס אף דער פּלאַטפאָרם פון דער הײַנטצײַטיקײַט. ווער עס וויל זיך באַקאַנען מיטן מאַצעוו פון די סאָוועטישע ייִדן, דאַרף ווענדן זײַן אויפמערקזאַמקײַט ניט בלויז צו יענע, וואָס געברויכן ייִדיש, נאָר צו אַלע סאָוועטישע ייִדן, און ערשט דעמלט וועט ער געפינען דאָס פולע, דאָס רעאַלע, עמעסדיקע בילד.

דער קורצער רעדאַקציאָנעלער אַרײַנפיר צו גוראַלניקס נאָטיצן אינעם סענטיאַבער-נומער פון „סאָוועטיש היימלאַנד" האָט א שײַכעס צו דער גאַנצער פּובליקאַציע, און די שטעלונג פון דער רעדאַקציע, וואָס איז אויסגעדריקט אינעם אַרײַנפיר, געהער זיך אָן צו דער גאַנצער אַר־בעט, האַגאַם פאַרעפנטלעכט איז דער אַרײַנפיר אינעם נומער פונעם זשורנאַל, אין וועלכן ס׳ווערט געבראַכט בלויז דער אָנהייב פון די נאָטיצן.

פאַרוואָס מוזן מיר וועגן דעם איצט ריידן? ווײַל די קאַנאַדער „וואָכנבלאַט", גלײַך נאָך דעם, ווי זי דריקט אויס באַגײַסטערונג מיט גוראַלניקס נאָטיצן, טוט זיך א כאַפּ אף צוריק: „א ביסינקע, — שרײַבט אישיקע, — באַומרויִקט אונדז דער אַרײַנפיר פון דער רעדאַקציע פון „סאָוועטיש היימלאַנד" צו אוראַן גוראַלניקס זיכרוינעס, ווו מיר לייענען: „נאָך דער אָקטיאַבער-רעוואָליוציע האָט די ייִדישע קולטור אין ראַטנ־פאַרבאַנד דערגרייכט אַזאַ הויכע שטופע, וועלכע זי האָט ניט דערגרייכט אין קיין איין לאַנד אין דער וועלט, אָבער די ייִדישע יוגנט האָט ניט גע־קאָנט און ניט געדאַרפט זיך באַגרענעצן מיט ייִדיש. דער וועג צו דער רוסישער קולטור און צו דער פּראָגרעסיווער וועלט-קולטור האָט ברייט זיך געעפנט פאַר דער ייִדישער יוגנט".

„דאָס איז עפּעס, ווי א מין פאַרלויפן דעם וועג"... — פאַרלויפט דעם וועג אישיקע אין דער קאַנאַדער „וואָכנבלאַט". ער מיינט, ווײַזט אויס, אַז דער אַרײַנפיר פון דער רעדאַקציע פאַרשפּרייט זיך בלויז אף דעם אָנהייב פון גוראַלניקס ווערק, ווײַל זײַן באַומרויִקונג מאָטיווירט ער, כויך מיט מוירע, אַז מע וועט „באַגרענעצן דעם זייער ערנסטן איניען

צו ייִדיש בלויז״, אויך מיט דעם, אז עס זײַנען אים „בעפּיירעש שטאַרק נעגייע די שמועסן, וואָס דער מעכאַבער פון די זיכרוינעס וועט צי׳ען לעגאַבע דעם מאַרגן״.

עמעס, אישיקע אַליין דערטראַכט זיך צו וואָרענען סײַ זיך, סײַ זײַנע כאַווײרים אין דער רעדאַקציע פון דער „וואָכנבלאַט״, אז „אויב מיר זײַנען קריטיש, האַלעמײַ די רעדאַקציע פון „סאָוועטיש היימלאַנד״ פאַרלויפט, אַזוי צו זאָגן, דעם וועג, איז לאָמיר ניט באַגיין דעם זעלבן טאָעס. לאָמיר בעסער וואַרטן, ביז דער כאָשעווער געלערנטער אוראַן גוראַלניק וועט פאַרענדיקן דאָס, וואָס ער האָט צו דערציילן און זאָגן״.

פרעגט זיך: פאַרוואָס האָבן זיי טאַקע ניט צוגעוואַרט — אישיקע און די „וואָכנבלאַט״ — און גענומען ראַפּטום פאַרלויפן דעם וועג דער רעדאַקציע פון „סאָוועטיש היימלאַנד״? ס׳איז, ווײַזט אויס, טאַקע פונקט די צײַט צו זאָגן זיי: באַומרוי׳קט אײַך דערווײַל ניט א ביסינקע. לייענט אוראַן גוראַלניקס נאָטיצן ביזן סאָף.

דעקאַבער, 1973

## כאַים סולער נעמט זיך אָן די קריוודע פונעם צי׳עניזם

אין יון-נומער פון „סאָוועטיש היימלאַנד״ פאַר הײַנטיקס יאָר האָט נ. ריכטער פאַרעפנטלעכט אן אַרטיקל וועגן דעם 17-טן צוזאַמענפאָר פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פון יִיסראָעל, אין וועלכן ס׳איז באַטאָנט דער באַשײַמפּערלעכער פאַקט, אז די צי׳עניסטן גייען אין זייער אַנטי-סאָוועטישער טעטיקײַט האַנט בא האַנט מיט די סאַמע רעאַקצי׳אָנערע קרעפטן.

אָט די באַהויפּטונג האָט ארויסגערופן אן אויסברוך פון קאַס באַם מיטרעדאַקטאָר פון דער „מאָרגן-פרײַהײַט״ כאַים סולער. אין זײַנעם א וועכנטלעכן איבערזיכט אין דער צײַטונג האָט ער ניט געקאָנט צוימען די נערוון און איז ארויס מיט אזא מין לאָשן: „מיר האַלטן, אז אַזוי אָוועק-שטעלן די פראַגע וועגן דעם מעהוס, וועגן דעם כאַראַקטער פונעם צי׳ע-ניזם איז מאַמעש פאַרברעכעריש און שפּילט נאָר ארײַן אין די הענט

פון ציִעניסטן״... דאָס געזאָגטע וועגן דער אנטיסאָוועטישער טעטיקײַט פון די ציִעניסטן האנט בא האנט מיט די סאמע רעאקציאָנערע קרעפטן רופט סולער אָן — „אויסטראכטן ווילדע זאכן וועגן דעם ציִעניזם...״

לאָמיר גלײַך אָפּמערקן, אז עס איז ניט נייטיק אופצוקלערן כ. סולערן דעם פארשטענדלעכן פאר יעדן איינעם עמעסן מיין פון דער דערמאָנטער שטעל אין ג. ריכטערס ארטיקל. סולער ווייסט גאנץ גוט, אז ניט אין אקאדעמישע דעפיניציעס פונעם מעהוס פון ציִעניזם גייט דאָ. לעבנדיק אין ניו־יאָרק, איז ער אויך געווען ניט איין מאָל אן איידעס פון די שענדלעכע מײַסים, וועלכע ס׳נעמען פאָר די ציִעניסטן אף צו באַשמוצן דעם סאָוועטנפארבאנד.

סולערן גרילצט אין די אויערן, ווען מע זאָגט דעם עמעס וועגן ציִעניזם. אָנווענדנדיק די פאָרמול וועגן „גוטע״ און „שלעכטע״ ציִעניסטן, רוקט ער ארויס אזעלכע לעכערלעכע „ארגומענטן״, ווי — „די ציִעניסטישע באוועגונג איז געגרינדעט געוואָרן, איידער עס איז אופגעקומען דער סאָוועטנפארבאנד״ (און דאָס דארף באטײַטן, אז זי איז „עפּעס מער״, איידער אן אנטיסאָוועטישע באוועגונג...), און — „עס זײַנען דאָ ציִעניסטן, וואָס האלטן זיך אויך פאר סאָציאַליסטן״ (איז עס, הייסט עס, א באווײַז, אז זיי וועלן ניט גיין פארנעמען זיך מיט אנטיסאָוועטיזם...).

סולער וואָלט עפּשער אײַנגעגאנגען אף דעם, אז ציִעניסטן זײַנען אומפרײַנט בענעגייע דעם סאָוועטנפארבאנד, אָבער בא איין באדינג — מע זאָל זיך דורכגיין איבער זייערע רייען און אָפּטיילן דעם „גוטן״ ציִעניסט פון דעם „שלעכטן״, ד.ה. דעם ציִעניסט, וואָס איז איבער געוויסע סיבעס סולערן צום הארצן, און דעם, וואָס האָט ניט אין זיך גאָרניט פּאָזיטיוס, לויט סולערן. דער אומגליק איז אָבער, וואָס סולערס אָפּשאצונגען פון „גוטע מידעס״ אינעם „שלעכטן ציִעניזם״ זײַנען, פון אונדזער שטאנדפונקט, סוביעקטיווע, דער צוגאנג — ניט קיין וויסנשאפטלעכער, א מײַלנווײַטער פונעם מארקסיסטישן, און דאָס איז די סיבע, פארוואָס מיר קאָנען ניט מאסקים זײַן מיט כאָיִם סולערס דערווידערונגען קעגן ג. ריכטערס אָפּשאצונג פון דער שענדלעכער ראָליע פון די ציִעניסטן אין די אנטיסאָוועטישע קאָמפּאניעס.

און וואָס איז שײַעך דעם טאָן פון סולערס ארויסטרעטונג אין זײַן וועכנטלעכן איבערזיכט אין דער „מאָרגן־פרײַהײַט״, איז דאָ צום אָרט אײַצענען סולערן, ער זאָל זיך פארטראכטן וועגן דעם, צי ס׳איז ניט

מעגלעך אָנמעסטן אַף זײַן אײגענער פּאָזיציע די װערטער זײַנע: „...אַזױ אױפֿקשטעלן די פֿראַגע... איז מאַמעש פֿאַרברעכעריש און שפּילט אַרײַן אין די הענט פֿון ציִעניסטן".

אָקטיאַבער, 1974

## װאָס עס דרינגט אַרױס פֿון אײנער אַ פּאָלעמיק

מיר האָבן שױן געשריבן װעגן דער געפֿאַר פֿאַר דער צײַטונג „מאָרגן־פֿרײַהײַט", דער אױפֿגעקומענער מיט העכער 50 יאָר צוריק אַלס טריבונע פֿון די פּראָגרעסיװע ייִדישע פֿאָלקסמאַסן אין די פֿאַראײניקטע שטאַטן פֿון אַמעריקע, — װעגן דער געפֿאַר, װאָס עס שטעלט פֿאַר איר פֿאָר דער פּרינציפּיעל פֿעלערהאַפֿטער צוגאַנג פֿון אירע רעדאַקטאָרן צו אַ רײ באַזישע אַספּעקטן פֿונעם הײַנטצײַטיקן אידײיִשן קאַמף, אַרײַנגערעכנט דעם אױפֿן, װיאַזױ זײ באַהאַנדלען די פּראָבלעמען פֿונעם נאָענטן מיזרעך, פֿון דער קאָמוניסטישער באַװעגונג אין ייִסראָעל און פֿונעם קאַמף קעגן ציִעניזם. צום באַדױערן, האָבן די אָנפֿירער פֿון דער „מאָרגן־פֿרײַהײַט" אָפּגעװאָרפֿן די כאַװערישע קריטיק, און הײַנט מוזן מיר קאָנסטאַטירן, אַז די צײַטונג איז פֿאַרפֿירט געװאָרן אין אַ טױבן װינקל, װוּ אירע פּאָזיציעס אין די אױבן־אָנגעװיזענע פֿראַגן קײטלען זיך צונױף מיט די פּאָזיציעס פֿון אירע אַמאָליקע אידײיִשע קעגנער.

װי באַװוּסט, האָט דער טױט פֿון אײנעם פֿון די הױפּט־שפּאַלטער פֿון דער ייִסראָעלדיקער קאָמוניסטישער פּאַרטײ מױשע סנע, די ציִעניסטיש־פּאַרפּראָגראַמירטע פּאָליטישע צװאָע, װעלכע ער האָט איבערגעלאָזט, געעפֿנט די אױגן בײַ פֿיל פֿון די, װאָס האָבן פֿריִער געגלײבט אין דער דעמאַגאָגיע פֿון די „נאַציאָנאַלע קאָמוניסטן", װעלכע האָבן אָפּן געפֿירט דערצו, אַז די ק.פּ.י. זאָל אײַנרײַסן מיט דער צװישנפֿעלקערלעכער קאָמוניסטישער באַװעגונג און זיך פֿאַרװאַנדלען אין אַ צוגאָב צום ייִסראָעלדיקן ציִעניזם. בײַ הײַנטיקן טאָג איז די אָפּשפּאַלטערישע גרופּע „מקי" זיך צעפֿאַלן, און אײניקע אירע געװעזענע טוער הײבן אָן

צו זוכן אן אויסוועג אין דער מיטארבעט מיט די פּראָגרעסיווע קויכעס אין געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס פון שאָלעם און סאָציאַלע פּראָבלעמען.

אין אָנגעזיכט פון אָט דער לאַגע רופט ארויס א באַזונדערע זאָרג די פּאָזיציע פון דער „מאָרגן-פרײַהײַט". עס קאָן זיך אויסדוכטן, אז די רעדאַקטאָרן פון דער צײַטונג לײַדן פון א שווערער „אויגן-קראַנקײַט" און זיי „זעען ניט", אז די כקירעריײַען ארום דער דאָזיקער פראַגע האָבן זיך שוין פאַרענדיקט. אינדערעמעסן אָבער איז פאַר זיי אָן שום סאָפעק קלאָר און דײַטלעך, צו וואָס פאַר א פּאָליטיש-אידייִשן מאַצעוו זיי האָבן זיך דערקליבן, און זיי זעצן פאָר אקשאָנעסדיק צו גיין ווײַטער מיט דעם זעלבן וועג. פּונקט ווי פריִער, האַלטן זיי זיך בא דער פאָרמולע פון „צוויי קאָמוניסטישע פּאַרטייען אין יִסראָעל", סימפּאַטיזירנדיק די שוין באַשײַמפערלעך באַנקראָטירטע, אָנגעשלאָסענע אָרגאַניזאַציאָנעל און אידייִש צום ציִעניסטישן יִדישן וועלט-קאָנגרעס גנעבעכדיקע גרופּקע רענעגאַטן.

די שטעלונג פון דער „מאָרגן-פרײַהײַט" אויך צום פּראָבלעמען-קנופּ ארום דעם יִסראָעל-אראַבישן קאָנפליקט איז אַלץ מער און מער באַפאַרבט מיט נאַציאָנאַל-איבערגעזעטיקטע עמאָציעס, און דעריבער איז זי פאַלש אין באַצוג צו די אינטערעסן פון די פעלקער פונעם ראַיאָן און פונעם וועלט-שאָלעם. די רעדאַקטאָרן פון דער „מאָרגן-פרײַהײַט" האָבן גאָרניט געלערנט פון דעם, וואָס קימאַט אין 8 יאָר ארום נאָכן „זעקסטאָגיקן קריג" זיצן נאָך אַלץ די יִסראָעלדיקע עקסטרעמיסטן, אלס אָקופּאַנטן, אויף פרעמדע ערדן, און דאָס אליין וואָלט שוין געמעגט זײַן א גענוגנדיקער ארגומענט אויף אָנשליסן זיך צו יעדער פּאָזיטיווער אָנשטרענגונג, וועלכע איז מעסוגל מיטצוהעלפן די פרידנסליבנדיקע קויכעס.

אין אָט דעם פּראַט זײַנען מיר לעצטנס געווען אײדעס פון א כאַראַקטעריסטישן עפּיזאָד.

דעם 13 אויגוסט 1974 איז אין דער יִסראָעלדיקער צײַטונג „האַארעץ" פאַרעפנטלעכט געוואָרן אן אויפרוף פונעם קאָמיטעט פאַר א גערעכטן שאָלעם צווישן יִסראָעל און די אראַבישע לענדער וועגן צונויפרופן אין דער הויפּטשטאָט פון איטאַליע רוים א קאָנפערענץ פון שאָלעם-אָנהענגער, אין וועלכער ס'זאָלן זיך באַטייליקן דעלעגאַציעס פון יִסראָעל און פון די אראַבישע לענדער. די גרויסע צאָל אונטערשריפטן

אונטער דער ווענדונג האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט א גאַנץ ברייטן פעכער פון פּאָליטישע גרופּירונגען און טוער.

ארום דעם אופרוף האָט זיך אין דער ניו־יאָרקער „מאָרגן־פרייהייט" פאַנאַנדערגעוויקלט א פּאָלעמיק, וועלכע ס'האָבן אונטערגעכאַפּט אנדערע צייטונגען. די פּאָלעמיק שטעלט פאַר אן אינטערעס ניט בלויז מיט איר עצעם אינהאַלט, נאָר אויך מיט דעם, וואָר עס האָט אין איר אָנטיילגענומען און וועלכע מיינונגס־פאַרשיידנהייטן זיינען דערביי אופגעדעקט געוואָרן.

א געוויסער נייער מאָמענט אינעם אופרוף איז געווען דאָס, וואָס צווישן זיינע אווטאָרן פיגורירן ע. ווילענסקע, מיט וועמענס אָפּגיין פון „מק"י" עס האָט זיך אָנגעהויבן די צעפאַלונג פון אָט דער רענעגאַטן־גרופּע, און ש. מיקוניס, וואָס האָט אין א קורצער צייט נאָכן פּובליקירן דעם אופרוף, צוליב אַלגעמיין אידעאָלאָגישע טעמים, פאַרשטייט זיך, עפנטלעך זיך אָפּגעזאָגט פונעם אמט פון גענעראַל־סעקרעטאַר פון „מק"י", קעדיי, ווי ער האָט געשריבן אין זיין דערקלערונג פאַרן 1 נאָיאַבער 1974, „זיך באַפרייען פון דער אכרייעס פאַר די באַשלוסן, מייסים און פעלערן פון מק"י".

די פּאָלעמיק האָט זיך אָנגעהויבן אין דער „מאָרגן־פרייהייט" פאַרן 29 סעפּטיאַבער 1974, און די צוויי קעגנזעצלעכע מיינונגען האָבן זיך געלאָזט הערן פון די אַרטיקלען פון פ. נאָוויק און ע. ווילענסקע. שפּעטער האָט אויך ש. מיקוניס זיך אָנגעשלאָסן אין דער דיסקוסיע. אין אן אינטערוויו דעם קאָרעספּאָנדענט פון דער קאַנאַדער „וואָכנבלאַט" י. ליפּסקי האָט ער ארויסגעשטעלט קעגן פ. נאָוויקס טעזיסן זיין איצט שוין, מעגלעך, געענדערטן שטאַנדפּונקט אף אייניקע פראַגן פונעם יִסראָעל־אַראַבישן קאָנפליקט. דאָס אַלץ איז וויכטיק פאַר אונדזער באַטראַכטונג, ווייל, ווי מיר געדענקען, זיינען סיי מיקוניס, סיי ווילענסקע געווען צו דער „מאָרגן־פרייהייט" און צו איר שעף־רעדאַקטאָר פ. נאָוויק אידייִש נאָענט — ביזוואַנען יענע האָבן אזוי אָדער אנדערש פאָרגעשטעלט די נאַציאָנאַליסטיש־אָפּאָרטוניסטישע פּלאַטפאָרמע פון „מק"י". איצט האָט דאָס לעבן, די יִסראָעלדיקעווירקלעכקייט געצוווּנגען א ריי געוועזענע אָנהענגער פון מוישע סנע צו בייטן טיילווייז די פּאָזיציעס, אין דער צייט, ווען די אָנפירער פון דער ניו־יאָרקער „מאָרגן־פרייהייט" זיינען פאַרבליבן מיטביידע פיס אף דער סנע־פּלאַטפאָרמע.

פ. נאָוויק האָט אין זײַן אַרטיקל אין דער „מאָרגן-פרײַהייט" געמאַכט אַן אויסרייד מיקוניסן און ווילענסקען, פאַרוואָס זיי האָבן אונטערגעשריבן די ווענדונג וועגן צונויפרופן א געזעלשאַפטלעכע שאָלעם-קאָנפערענץ פאַרן נאָענטן מיזרעך. נאָוויק רוקט אַרויס דעם מאָטיוו, אַז העיויס „די ברייטסטע מאַסן אין יִשׂראל און די ייִדן דאָ אין לאַנד" (אין אַמעריקע) זײַנען אונטער דער ווירקונג פון די עקסטרעמע שאָוויניסטן, איז פאַראַן א געפאַר, אַז דאָס צונויפרופן א קאָנפערענץ פון אַנהענגער פון שאָלעם וועט „אַרײַנשפּילן אין די הענט" פון די שאָוויניסטן. דאָס איז א שוין גענוג באַוווּסטער טעזיס אין דער פּאָליטישער מעטאָדאָלאָגיע פון די היינטיקע אָנפירער פון דער „מאָרגן-פרײַהייט"... סטאַרענדיק זיך ניט אַרויסצולאָזן פון באַנוץ דעם באַקוועמען טערמין „ברייטסטע מאַסן", טרעט פ. נאָוויק צו צום איקער-טעזיס: אינעם אויפרוף פון די יִשׂראלדיקע געזעלשאַפטלעכע טוער איז פאַראַן א פּונקט וועגן „עוואַקואַציע פון אַלע שעטאָכים, וועלכע יִשׂראל האָט אָקופּירט אין דער יוני-מילכאָמע פון 1967"; דער ניו-יאָרקער קלאַל-טוער פ. נאָוויק, זײַענדיק „ווירדיש פעסט אָנגעגורט", מישט זיך אַרײַן און ווײַזט אָן די אומגעדולדיקע יִשׂראלים, אַז אין דער רעזאָלוציע פונעם זיכערהייט-ראַט פון די פאַראייניקטע נאַציעס נומ. 242 רעדט זיך ניט וועגן „אַלע שעטאָכים", נאָר וועגן „שעטאָכים" און — „אַפילע ווען מ'זאָל אָננעמען, אַז דער לאָזונג („עוואַקואַציע פון אַלע שעטאָכים...") איז א ריכטיקער, וועט עס גלײַך אָפּשטויסן די ברייטסטע מאַסן אין יִשׂראל, און אָפּשטויסן די ברייטסטע ייִדישע מאַסן דאָ הי אין לאַנד" (אין אַמעריקע).

דער מיטרעדאַקטאָר פון דער „מאָרגן-פרײַהייט" ב. סולער, וואָס איז, לויט זײַן טעווע, נאָך ווײַניקער פאַרזיכטיק איידער דער שעף-רעדאַקטאָר, „צעקײַעט" אַזוי פאַרן לייענער דאָס איבערגעזאָגטע (זע זײַן וועכנטלעכן פּרעסע-איבערזיכט פאַרן 12 דעקאַבער 1974): „עס קאָן זײַן, אַז ביידע צדדים (אינעם קאָנפליקט אפן נאָענטן מיזרעך. — א. ח.) זאָלן אײַנגיין אף דעם, אַז יִשׂראל זאָל אײַנהאַלטן א פּאַטיקל ערד פונעם פאַרנומענעם באָדן און זאָל דאַרפן אָפּגעבן אַן אַנדער שעטעך פון איר אייגענעם באָדן"... „מיר אין דער „מאָרגן-פרײַהייט" זײַנען אויך אין פּרינציפּ פאַר אומקערן די אָקופּירטע טעריטאָריעס, אָבער אין דער רעזאָלוציע (נומ. 242) רעדט זיך דאָך ניט וועגן אומקערן אַלע טעריטאָריעס..."

סארא „אומשולדיקע פארוויילונג" (אפן כעזשבן פון די לעבנס־אינטערעסן פון פעלקער און לענדער!): א פאסיקל ערד אהער, א פאסיקל ערד אהין...

אין דער צייט, ווען אט די פאלעמיק איז אף אזא אומפאראנט־וואָרטלעכן אויפן געפירט געוואָרן, האָט דער שעף־רעדאקטאָר פון דער קאנאדער „וואָכנבלאט" י. גערשמאן זיך פונקט אומגעקערט אהיים פון א רייזע איבער ייִסראָעל און, געפינענדיק זיך אונטערן פרישן איינדרוק פון די שווערע מילכאָמע־ליידן פונעם פאָלק אין דער מעדינע, האָט ער אויך גענומען א וואָרט און געגעבן א וואָגיקן ענטפער פ. נאָוויקן. „גאָר ניט פארשטענדלעך איז פאר מיר כ׳ נאָוויקס ארגומענט... — שרייבט י. גערשמאן אין דער „וואָכנבלאט" פארן 30 אָקטיאבער פאָריקס יאָר. — ערשטנס, דארף מען איצט, נאָך דער „ערדציטערניש" (נאָך דער אָק־טיאבער־מילכאָמע פון 1973. — א. וו.), ניט רעדן אזוי אָגולנע וועגן „די ברייטסטע מאסן אין ייִסראָעל". ווען מע הערט פירנדיקע מענטשן אין די קיבוצים טיינען, ווי איך האָב געהערט, אז „ווער מוז עס האָבן די גאָלאן־הייכן? זיי זיינען ניט קיין פארזיכערונג! שאָלעם מיט די ארא־בער איז די איינציקע זיכערקייט!", — דאן מוז מען אנערקענען די גוואלדיקע ענדערונג, וואָס איז זינט דער מילכאָמע פון אָקטיאבער 1973 פאָרגעקומען צווישן גאָר גרויסע מאסן אין ייִסראָעל. און אכוץ דעם: זינט ווען שאצן רעוואָליוציאָנערן, לינקע, פראָגרעסיווע די ריכטיקייט פון א לאָזונג נאָר אפן סמאך פון דעם, צי דער געגעבענער לאָזונג וועט זיין אָנעמבאר פאר די „ברייטסטע מאסן"? באזונדערס, ווען מ׳האָט אין זינען, אז טאקע צו די ברייטסטע מאסן ייִדן אין אונדזערע מעקוימעס, ווי אין אלע מיזרעך־לענדער, דערגייט ניט דער עמעס וועגן דער ווירק־לעכער לאגע אין ייִסראָעל און אין מיטעלן מיזרעך".

און י. גערשמאן שטעלט מיט רעכט די פראגע: „צי איז ניט אונד־זער כויוו מאמעש מיט ציין־און־נעגל דורכברעכן דעם געשאפענעם דורך דעם ייִדישן עסטאבלישמענט טומאן און ברענגען צו פיל ייִדן, ווי נאָר מעגלעך, דעם פולן עמעס וועגן דער בעעמעס טרויעריקער לאגע?"

מע דארף זאָגן, אז ס׳איז געווען א צייט, ווען די „מאָרגן־פרייהייט" האָט טאקע אזוי געהאנדלט, זייענדיק טריי די נאָבעלע ווינטשעווסקי־אָלגין־טראדיציעס; איצט אָבער זיינען מיר איידעס פון אזא טרויעריקן מאצעוו, ווען ס׳איז אָפט שווער אונטערצושיידן דאָס, וואָס עס שטייט

געשריבן אין דער „מאָרגן-פרײַהײַט", פון די אָנגענומענע אין דער נאַציאָנאַל-בירגערלעכער ייִדישער פרעסע שטאַמפּן.

בעשאַס דער אָקטיאַבער-מילכאָמע פון 1973 איז די אומגעבונג געווען קלאָר פאַר דער גאַנצער וועלט, ניט בלויז פאַר מאַרקסיסטן, פּראָגרעסיווע מענטשן. עגיפּעט און סיריע האָבן מער ניט געקאָנט דולדן, אַז די אַרמייען פון ייִסראָעל זאָלן פאַרזעצן די אָקופּאַציע פון זייערע טעריטאָריעס. זיי האָבן קיינמאָל ניט געמאַכט קיין סאָד פון דעם, אַז עס איז ניט אויסגעשלאָסן דער וועג פון באַפרײַען אָט די טעריטאָריעס מיט מיליטערישן קויעך. ווען ס'האָט אויסגעבראָכן די אָקטיאַבער-מילכאָמע, האָבן מענטשן פון גוטן ווילן אומעטום זי אָפּגעשאַצט אין אַזאַ, און ניט אין קיין אַנדער שײַן.

די „מאָרגן-פרײַהײַט" אָבער האָט איבערגעכאַזערט וואָרט בײַ וואָרט די באַהויפּטונגען פון די אידיייִשע קרויווים פונעם ייִסראָעל-צאַד, אַז דאָס פאָרסירן דעם עגיפּטישן סועצער קאַנאַל מיצאַד די עגיפּטישע סאָלדאַטן, די שלאַכטן פון די סירייער אָף צו באַפרײַען די סירישע גאָלאַנער הויכקײַטן — דאָס זײַנען „אַקטן פון אַגרעסיע" מיצאַד די אַרמייען פון די לענדער, וועמענס ערד איז אָקופּירט, קעגן די אָקופּאַציע-אַרמייען...

ס'איז ברייט באַוווּסט, אַז אין גאַנג פון די אומופּהערלעכע מילכאָמעס אָפּן נאָענטן מיזרעך איז, בײַגלײַך מיט די קלאַסישע פאָרמען פון פּאַרטיזאַנישן קאַמף, וואָס עס האָבן געפירט די אַראַבישע פעלקער, און פון שטראָף-אַקציעס פון די ייִסראָעל-אָקופּאַנטן, אויפגעקומען דער עקסטרעמיסטישער טעראָריזם — דער אַראַבישער און ייִסראָעלדיקער. די פּראָגרעסיווע מענטשהײַט שטעמפּלט דעם טעראָר, פונוואַנען ער זאָל ניט קומען. דאָס איז אַ ריכטיקע און גערעכטע שטעלונג. נאָר אָט וואָס עס שרײַבט אין דעם שויך דערמאָנטן פּרעסע-איבערזיכט דער מיטרעדאַקטאָר פון דער „מאָרגן-פרײַהײַט" כ. סולער: „עס איז דאָ אַ גרויסער אונטערשייד צווישן די אַקטן פון דער ייִסראָעל-רעגירונג און די אַקטן פון די אַראַבישע טעראָריסטן"... ווײַל — „די ייִסראָעל-רעגירונג אַטאַקירט נאָר דאַן, ווען די טעראָריסטן באַפאַלן און מאָרדן. דאָס ייִסראָעל-מיליטער צילט אין די טעראָריסטישע באַנדעס, וועלכע געפינען זיך אין די לאַגערן פון די פּאַלעסטינער אַראַבער. די טעראָריסטן וואָלטן געקאָנט פאַרמײַדן ציווילע קאָרבאָנעס פון די ייִסראָעל-אַטאַקעס, ווען זיי ציִען אַרויס זייערע גאָרגלשנײַדער פון די לאַגערן".

ס'איז ניט מעגלעך צו לייענען אָן צאָרן אַזעלכע שורעס. מע קאָן מיינען, אַז די „מאָרגן-פרײַהײַט" ציטירט דאָס, וואָס עס זאָגן די אָרגאַניזאַטאָרן פון שטראָף-אַקציעס קעגן די אומבאַשיצטע פּאַלאַטקע-לאַגערן אין דאָרעם-ליוואַן, וווּ עס לעבן אין פּיל ליידן די אַרויסגעטריבענע פון זייערע היימען פּאַלעסטינער אַראַבער, צווישן זיי טויזנטער און טויזנטער קינדער, זקיינים, פרויען. ווען די אַרמיי פון יִשׂראל שיסט אין זיי פון שווערער אַרטילעריע, טוט עס אונדז וויי, פּונקט ווי דאַן, ווען פּאַנאַטישע אַראַבישע נאַציאָנאַליסטן וואַרפן באָמבעס אין יִשׂראלדיקע שולן אָדער קינאָ-זאַלן. ס'איז אַ שאַנד צו פאַרטיידיקן דעם ציִעניסטישן עקסטרעמיזם, צו קאַשערן די שטראָף-אַקציעס פון די הײַנטצײַטיקע מאַסן-מערדער!

מיר האָבן אָבער ניט בעדייע צו געבן אַן אַלזײַטיקע אָפּשאַצונג פון דער פּאָזיציע פון דער „מאָרגן-פרײַהײַט" אין די באַהאַנדלטע פראַגן. עס גייט איצט אַ רייד וועגן רעאַגירן אָפּן, אין גאַנג פון די געשעענישן, אויף די אַזוי אָפטע אַרויסטרעטונגען פון די רעדאַקטאָרן פון דער צײַטונג, וועלכע לאָזן ניט דורך קיין מינדסטע געלעגנהײַט אויף צו פאַרפלאָנטערן קלאָרע פאַר דער פּראָגרעסיווער יִדישער עפנטלעכקײַט פּראָבלעמען, פאַרשלייערנדיק זיי אין היפּער-נאַציאָנאַלע און אין פּסעוודאָ-יִווישערדיקע מענטשלעך פון גאַנץ צווייפלהאַפטער ווערט.

דער קאַמף פאַר באַזײַטיקן דעם שאָוויניסטישן טשאַד אויף דער „יִדישער גאַס" ווערט פאַרשווערט דערמיט, וואָס אין די לעצטע יאָרן האָט זיך אין פּשאַ, יִשׂראל, פראַנקרײַך באַוויזן אויף דער געזעלשאַפטלעכער אַרענע אַ שרײַענדיקע, העכסט-אַקטיווע מאַכנע „געוועזענע", דה. אָפּטריניקע פון דער פּראָגרעסיווער באַוועגונג, וועלכע האָבן ערטערוויַיז פאַרהיט אין זייערע הענט די צײַטונגען און זשורנאַלן, וואָס די יִדישע פּאַלקסמאַסן האָבן אין שווערע באַדינגונגען פון די 20—30-ער יאָרן געשאַפן אַלס זייער אידייִש געווער אין קאַמף פאַר סאָציאַלע רעכט און סאָציאַלן יושער, אין קאַמף קעגן דער אידעאָלאָגיע פון עם אָפּגייענדיקן קלאַס, קוידעמקאָל קעגן ציִעניזם.

אויב ריידן קאָנקרעט וועגן דער פּאָלעמיק צווישן פּ. נאָוויקן מיט ע. ווילענסקען (און פּאַקטיש אויך מיט ש. מיקוניסן), וואָלט געווען פּאַלש, פאַרשטייט זיך, צו מיינען, אַז די פּאָזיציע, וואָס עס פאַרנעמען אין איר ווילענסקע און מיקוניס, איז מעסוגל צו מאַכן פאַרגעסן זייער שפּאַלטע-

רישע ראַליע אין דער ייִסראַעלדיקער קאָמוניסטישער באַוועגונג. אין דעם איצטיקן פאַל גייט א רייד וועגן א פּאָלעמיק, וועלכע איז א באַלע־רעוודיקע לעקציע פאַר די ברייטע ייִדישע מאסן, פאַר די פּראָגרעסיווע קרייזן אין אַמעריקע און אין אנדערע לענדער פון דער וועלט.

פעווראַל, 1975

## ריכטיק, ווי אין קוימען איז ליכטיק

דער שעף־רעדאַקטאָר פון דער קאַנאַדער „וואָכנבלאַט" י. גערשמאַן האָט אינעם נומער פון דער צייטונג פאַרן 21 מיי 1975 פאַרעפנטלעכט אַן אַרטיקל אונטערן טיטל „איך בין שולדיק אין אופקלערונג, פאַרוואָס איך האָב ביז איצט גאָרניט געשריבן וועגן דעם שמועס מיט אַרן ווער־געליס בייס מײַן באַזוך לעצטן זומער אין סאָוועטנפאַרבאַנד".

שוין אַליין דאָס קעפּל פונעם אַרטיקל רופט אַרויס גרויס כּידעש, איבּ די גאַנצע „אופקלערונג" איז ניט קיין מיספאַרשטייעניש. פאַרוואָס האָט י. גערשמאַן „גענמוזט" שרייבן וועגן דעם, וואָס ער האָט גערעדט בײַס זײַן זומער־אָפּרו אין סאָוועטנפאַרבאַנד מיט א מענטשן, וועלכער האָט אים פּריוואַטלעך באַזוכט, אָפּרוענדיק אין די זעלבע ערטער? צי איז ביכלאַל טאַקטיש און דערלויבט פונעם עטישן שטאַנדפּונקט דאָס אײַנזײַטיקע אַרויסטראָגן אין דער עפנטלעכקייט — לויטן זיכּאָרן און מיט סוביעקטיווער אויסטײַטשונג, אין צען כאַדאָשים אַרום — א מינד־לעך דורכשמועסן זיך, איבערהויפּט, ווען עס גייט אין געזעלשאַפטלעכע איניאָנים?

ווען איז י. גערשמאַן שולדיק זײַן אופקלערונג? ס'איז קיין סאָ־פעק ניט, אַז ניט דעם פּראָגרעסיוון לייענער, וועלכער האָט ניט ליב קיין פלאָנטערנישן.

א טשיקאַווע נײַס, וואָס דער רעדאַקטאָר פון דער קאַנאַדער „וואָכנ־בלאַט" זאָגט אַרויס, אַזוי־זיך, דערעכאַגעוו, אין זײַן „אופקלערונג", איז די באַהויפּטונג, אַז עס זײַנען נאָענט די אידייִישע פּאָזיציעס פון דער „וואָכנבלאַט" און פון דער ניו־יאָרקער „מאָרגן־פרײַהייט" און אַז אָט די ביידע צײַטונגען זײַנען איין צאַד.

י. גערשמאן כאזערט איבער אייניקע טעזיסן פון די „מאַרגן-פרײַ-הײַט"-טוער, אזעלכע, ווי „דיפערענציאַציע, ווען עס רעדט זיך וועגן ציִעניסטישע גרופירונגען", „עלאסטישקײַט בענעגייע יִידישע פּראָבלע-מען" אדג., וואָס, אומאָפּהענגיק, אונטער וועלכן שלייער זיי זאָלן ניט אונטערגעטראָגן ווערן, פירן זיי צו באזישע ענדערונגען אין דער יִידי-שער פּראָגרעסיווער באוועגונג, פאקטיש צום אויסמישן זי מיט די „נאַ-ציִאָנאל"-בירגערלעכע און ציִעניסטישע ריכטונגען, און וויפל די אוו-טאָרן פון אָט דעם קורס זאָלן ניט שרײַען, אז ער איז געווענדט צו „געווינען די יִידישע ארבעטער און פאָלקסמאסן", וועלן זיי קיינעם מיט דעם ניט איבערצײַגן.

די „אופקלערונג" פון י. גערשמאנען אנטהאלט אין זיך א פּרווו צו פארשרײַען די קריטיק פון אזא שעדלעכן קורס, סטראשענדיק מיט „דאָגמאטיזם", מיט „מאנגל אין קענען די... אומשטענדן און אנטוויקלונ-גען אין דער אזויגערופענער מײַרעוו-וועלט" אדג. פון דער זעלבער קוואליטעט, ווי די דאָזיקע, איז אויך די סטראשונקע וועגן דעם, אז קרי-טיקירן די שטעלונג פון דער „מאָרגן-פרײַהײַט" הייסט „ארײַנשפּילן אין די הענט פונעם „פאָרווערטס", פון דער יִידישער רעאקציע", וואָס דאָס איז אין מעשׂעך פון די לעצטע יאָרן דער שירעם, הינטער וועלכן די אָנפירער פון דער „מאָרגן-פרײַהײַט" פּרווון זיך באהאלטן פון דער גע-רעכטער קריטיק.

און, צולעצט. מאמעש דערשטוינענדיק איז דער אויפן, וויאזוי י. גערשמאן דערלויבט זיך צו איבערגעבן פרעמדע רייד, איבערדרייענ-דיק זיי מיטן קאָפּ אראָפּ און צושרײַבנדיק זײַן מיטשפּרעכער ניט גע-שטויגענע, ניט געפלויגענע באהויפּטונגען, אָפּשאצונגען און כאראק-טעריסטיקעס, וועלכע זײַנען אין פולן קעגנזאץ צו דעם לעצטנס וועלט-אָנשויונג און צו דעם, וואָס יענער האָט ווירקלעך גערעדט בייס דער באגעגעניש.

וועגן אזא מין סאָרט העפקיירעס אין א באריכט פון פאראיאָרן, וועלכער איז אָנגעשריבן פון דער פּאָזיציע פון אויגן-פארבלענדעניש, קאָן מען זאָגן, באנוצנדיק א פאָלקס-ווערטל: ריכטיק, ווי אין קימען איז ליכטיק...

אווגוסט, 1975

## „אַן אבסורד, וואָס פאלט שוין א ביסל אַרײַן אין כויזעק...״

צוליב צוועקן פון טוריסטיק און צוליב דעמאגאָגיש־פּראָפּאגאנדיסטישע צוועקן האָבן די ציִעניסטישע אינסטאנצן געמאָלדן, אז זיי וועלן צונויפרופן א וועלט־קאָנפערענץ פון ייִדישער ליטעראטור און קולטור. צוליב דעם האָבן זיי ארויסגעלאָזט אין דער עפנטלעכקייַט אַן אַזויגערופענעם איניציִאטיוו־קאָמיטעט פון קלוימערשטע שטאַדלאָנים פאר ייִדיש, בעראָש מיט א פּאָליטישן מענאכעם־מענדל, דעם „גענעראל־סעקרעטאר פון דער פּויאַלײ־ציִעניסטישער וועלט־באוועגונג״ ייִצכאָק קאָרן. די דאָזיקע אָפּעראציִע, וואָס איז פארפּלאנירט געוואָרן אויף א זיצונג אינעם ייִסראָעלדיקן קאָנסולאט אין ניו־יאָרק, האָט געדארפט מיטהעלפן דעם ציִעניזם אַרײַנצוכאַפּן אין זאק אַרײַן די ייִדישע ליטעראטור און קולטור.

אין פארשיידענע ייִדישע קרײַזן פון ייִסראָעל און פון אנדערע לענדער האָט מען, עמעס, אין סאמע אָנהייב זיך געכאפּט, אז דאָס גרייט זיך „א כאסענע אָן דעם כאָסן״, — די גראָבע־יונגען פון דער י. קאָרן־בריגאדע האָבן, לעכאָלעהאָפּאָכעס, „פארגעסן״ צוציִען צו די איניציִאטיוו־באראטונגען די ייִדישע שרײַבער גופע און זייערע פּראָפעסיִאָנעלע אָרגאניזאציעס.

אין „סאָוועטיש היימלאנד״ האָבן מיר דעמלט געשריבן: „דער הײַנטצײַטיקער ציִעניזם האָט שוין א היפּשע דערפארונג אין אָפּזוכן באַלאָנים צו קוועטשן א באנק אויף אומווירדיקע „אַלוועלטלעכע״ טאראראַמען. ביפראט, אז צוליב דער „קאָנפערענץ פון ייִדישע שרײַבער און קולטור־טוער״ דארף ער גאָר ווייניק עכטע שרײַבער און קולטור־טוער — בלויז אויף צו פארשטעלן מיט זיי דעם בייזוווּנדער. גענוג, וואָס עס זיצן בא זײַן שיסל די עטלעכע דעזערטירן פון דער סאָוועטישער ייִדישער ליטעראטור און אין די פאראָרעמטע רעדאקציִעס פון די ציִעניסטיש־בונדיסטיש־אנארכיסטיש־ראבאָנישע געלע בלעטער קוקן ארויס אויף א ווינק פון זײַן זײַט די שונד־זשורנאליסטן, וועלכע רופן זיך „שראבערס״. זיי וועט ער אויף זײַן קאָנפערענץ האָבן״... עס וועלן דאָרט ניט זײַן „ניט נאָר די ייִדישע ליטערארישע און קולטור־קרײַזן פון די לענדער פונעם סאָציִאליזם, נאָר אויך די פּראָגרעסיווע און לאָיאַלע שעפער פונעם ייִדישן וואָרט, טעאטער, מוזיק, מאָלערײַ אין די אנדערע לענדער פון

דער װעלט װעלן דאָרט ניט זײַן. דעם ציִעניזם װעט זיך ניט אײַנגעבן צו באַהערשן — אױף צו דערשטיקן — די דױרעסדיקע ליטעראַטור און קולטור פֿון די ייִדישע פֿאָלקסמאַסן".

איצט קאָן מען זען דעם פֿולשטענדיקן דורכפֿאַל פֿון אָט דער גראָב־פֿאַרטראַכטער „אונטערנעמונג".

װי אין פֿיל ענלעכע פֿאַלן אין דער פֿאַרגאַנגענהײט, האָט די צוגרײטונג צו דער קאָנפֿערענץ, פֿאַקטיש אַן אומפֿאַרשעמטע און קולטורלאָזע דינגעניש, מיט קריגערײַען און זידלערײַען, װעלכע האָט געדױערט אַ יאָר צײַט, — געעפֿנט פֿאַר י. קאָרנען און פֿאַר זײַנע לײַט די מעגלעכקײַט צו דורכפֿאָרן זיך אַהין־אַהער איבער לענדער און מעקומעס (אױפֿן כעזשבן פֿון געזעלשאַפֿטלעכע פֿאָנדן, פֿאַרשטײט זיך), קעדײ „אַרומרײדן די זאַך", „קאָנטאַקטירן די פּראָטים", „אױסגלײַכן די צדאָדים". מע האָט געשאַפֿן „קאָמיסיעס", „בעשוטפֿעסדיקע קאָמיסיעס", „ענגע קאָמיסיעס" מיט „פּרעזידענטן", „װיצע־פּרעזידענטן", „סעקרעטאַרן" און גלאַט „מיטגלידער" (מעױרסטנס, נאַטירלעך, פֿון צװישן די מאַנהיגים, װעלכע האָבן דעם סאַמע קנאַפּן שײַכעס צו די שעפֿערישע קולטור־ און ליטעראַטור־ספֿערן), און מע האָט אין סאַכאַקל געגעבן צו װיסן דורך שרײַענדיקער צײַטונג־רעקלאַמע, אַז יאָ, די „היסטאָרישע קאָנפֿערענץ" װעט מאַצלעך זײַן אין ירושלאַיִם, אין די טעג פֿון 21־טן ביזן 24־טן יול 1975 (פּונקט אין די ברען־טעג פֿונעם טוריסטישן סעזאָן...).

עס האָבן זיך פֿון אַלע זײַטן געשאָטן „דײעס", „אײצעס" און „װאָרעניש". אױף אַ „צונױפֿקומעניש" אין פּאַריז האָט ייִצכאָק קאָרן, נאָך דעם, װי ער האָט אָנגעמאָלט די אידיליע פֿון דער קומענדיקער „װעלט־אַסיפֿע" (ער האָט זי אַפֿילע נומערירט אַלס „דריטע", האַלטנדיק פֿאַר די ערשטע צװײ — די טשערנאָװיצער שפּראַך־קאָנפֿערענץ און דעם פּאַריזשער װעלט־קאָנגרעס פֿאַר פֿאַרטײדיקן די ייִדישע קולטור פֿונעם פֿאַשיזם), אורטײלנדיק לױטן באַריכט אין דער ציִעניסטישער צײַטונג „אונדזער װאָרט", באַמערקט: „ס'איז אָבער דאָ אַ געפֿאַר, אַז עס זאָל זײַן ניט מער װי אַ מאַניפֿעסטאַציע", און געװאָרנט, מע זאָל אױף דער פּלאַנירטער קאָנפֿערענץ אין ירושלאַיִם „ניט זוכן קײן כעזשבױנעס מיט ייִסראָעל", דאָס הײסט ניט קריטיקירן די ייִסראָעל־רעגירונג פֿאַר דעם, װאָס זי האָט געשאַפֿן אַ קאַצן־אַטמאָספֿער פֿאַר ייִדיש אין דער מעדינע. אױף אַ צװײטן צוזאַמענטרעף אין

פּאַריזש האָט קאָרן זיך אָרופּגעוואָרפן „אַף די אַלע, וועלכע מיינען, אַז די הויפּט-זאַך באַשטייט איצט אין אָרגאַניזירן אידעאָלאָגישע וויקוחים". רופנדיק צו אַכדעס, האָט ער שטרענג געוואָרנט, אַז „וויקוחים טאָרן בעשום-אופן ניט דערלאָזט ווערן".

דאָס האָט אָבער ניט געהאָלפן. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ טאַראַראַם און אַ שטופּעניש אין די יידישע „נאַציאָנאַלע" קרייזן. איינעם יאָהאַנעסבורגער כוידעש-זשורנאַל „דאָרעם-אַפריקע" פאַר יאַנוואַר — פעווראַל 1975 האָבן מיר געלייענט אַן אַרטיקל פון זאַלמען לעווי, אין וועלכן ס'ווערט דערציילט, אַז „גראָד אין אַ צייט, ווען מע רופט צונויף אַזאַ קאָנפערענץ, ווערן אָפּגעטאָן גוואַלדיקע אַוולעס בענוגע יידישע כינוף-אינסטאַנצן אין אַמעריקע און באַזונדערס אין אַרגענטינע... מע באַזײַטיקט יידיש און מע פאַרבײַט אים מיט איווריט, און מיר ווייסן, אַז דער רעזולטאַט איז — ניט קיין יידיש און ניט קיין איווריט. ס'איז ניט דאָס און ניט יענץ. דאָס איז הימל-שרײַענדיק. אָט אַזעלכע זאַכן דאַרפן באַהאַנדלט ווערן אַף אַ יידיש-קאָנפערענץ! עס מוז אויך אָפּגעוואָרפן ווערן דער אַלט-אײַנגעזעסענער (אין יסראָעל) געזעץ, אַז יידיש איז אַ פרעמדע שפּראַך. דעלעגאַטן אַף דער קאָנפערענץ וועלן אויך געוויס פאָדערן אַ גרעסערע ראַדיאָ-טראַנסלירונג אין יידיש און אַף טעלעוויזיע".

הייסט עס, אַז אַכדעס וועט זיך ניט באַקומען, און די איניציאַטאָרן האָבן מיטאַמאָל דערזען, אַז עס איז אַ ספק, צי באַ אַזאַ לאַגע וועט אַף דער קאָנפערענץ זיך אײַנגעבן אויסצומײַדן „כעזשבוינעס מיט דער יסראָעל-רעגירונג". פונקט אין דער צײַט פון דער צוגרייטונג צו דער „יידיש-קאָנפערענץ" האָבן זיך באַוויזן אין דער פּרעסע אויפדעקונגען, אַז די ציוניסטישע פירערשאַפט אין יסראָעל שיקט אַרויס שעליכים אין אַנדערע לענדער אַף צו פאַרניכטן דאָס יידישע לאָשן אין די קולטור-אינסטיטוציעס. אַף אַ געזעלשאַפטלעכער פאַרזאַמלונג אין בוענאָס-איירעס, לעמאָשל, האָט אַ פאָרשטייער פונעם דאָרטיקן „בונד" באַשולדיקט די אומגעבעטענע שעליכים אין אויספילן דאָס שליכעס פון אומברענגען די עטלעכע אַזוי אויך מאָגערע יידישע שולן אין אָט דעם לאַנד. ניט געוווּנטשן פאַר די איניציאַטאָרן פון דער „וועלט-אַסיפע" איז אויך געווען די אויפדעקונג פונעם הויפּט-רעדאַקטאָר פון דער יסראָעלדיקער צײַטונג „לעצטע נײַעס" מאָרדכע צאַנין אין זײַנעם אַן אַרטיקל, ווו ער האָט געשריבן, אַז דער „קאָמיטעט פון יידישער קולטור" אין יסראָעל

(אויך א ציוניסטישע אונטערנעמונג אונטער דער פּאַרזיצערשאַפֿט פֿונעם זעלבן יצחאָק קאָרן) דאַרף באַשולדיקט ווערן אין „ליקווידירן און שאַפֿן אַן אונטערגאַנג-שטימונג בנוגע יידיש, אין פֿירן א סינע-קאַמפּאַניע קעגן יידיש צווישן דער יוגנט".

דער ישׂראלדיקער דיכטער נאַכמען ראַפּפּ האָט אין זיין אַרטיקל „עפּעס וועגן יידישער קולטור" אונטערגעפֿירט א מין סאַכאַקל אונטער די פֿלענער פֿון א ציוניסטישער קאָנפֿערענץ „לעטוויוועס יידיש": „עס איז אַן אַבסורד, וואָס פֿאַלט שוין א ביסל אַריין אין כוויזעק. א קאַץ שטעלט מען ניט אוועק צו היטן פּוטער"...

מע דאַרף זאָגן, אַז שוין אין גאַנג פֿון דער צוגרייטונג צו דער קאָנפֿערענץ האָבן זיך באַוויזן גענוג סיבעס, אַז אַזעלכע, אין טאָך, ציוניסטישע שרייבער, ווי צאַנין, ראַפּפּ און אַנדערע, זאָלן אַריינפֿאַלן אין ביטערע ספּייקעס. אַן אָנשווילעכע אַנטפּלעקונג פֿונעם אַבסורד איז געווען, לעמאַשל, דער פּרווו איבערצוּלייגן די זאָרג פֿאַר אָרגאַניזירן די קאָנפֿערענץ פֿון יידישער קולטור אַף די אַקסלען פֿון... ראַבאָנים. ס'האָט בעפּיירעש ניט אימפּאָנירט די אַרגענטינער פּען-מענטשן, וואָס בעראָש פֿונעם דאַרטיקן „קאָמיטעט פֿון קולטור-אָרגאַניזאַציעס" האָט מען אוועקגעשטעלט... דעם הויפּט-ראָוו רייכנבערג. די ציוניסטישע יאַרמעלקעס האָבן זיך א נעם געטאָן פֿאַר יידישער ליטעראַטור און קולטור אויך אין אַוסטראַליע, פּשא, פֿראַנקרייך. בייס איינער א באַהאַנדלונג פֿון דער פּראָגראַם פֿאַר דער „היסטאָרישער אַסיפֿע" האָט דער ראָוו טשאַסקאַלאַ זיך פּאָשעט אויסגעלאַכט פֿון די „הויכע צילן" און געייצעט, אַז „טאַטע-מאַמע זאָלן אויסלערנען זייערע קינדער זאָגן אַף יידיש „גוט-מאָרגן" און „א גוטע נאַכט". אַזא פּראָגראַם האָט אויסגעזען פּרעכטיק אין די אויגן פֿונעם רעדאַקטאָר פֿון דער צייטונג „אַוסטראַליער יידישע ניים" י. רובינשטיין, און ער איז אַרויס מיט אַזא פֿאָדערונג: „די קאָנפֿערענץ מוז איינשליסן רעליגיעזע יידן... עס איז פֿון באַזונדערער וויכטיקייט איינצולאַדן די קעמפּערישע יעשיווע-באָכערים"... „מע דאַרף אויך איינלאַדן מעצענאַטן!" — האָט פֿון פּאַריזש זיך דערהערט דאָס קאָל פֿונעם פּאַרשטייער פֿון דער קולטור-קאָמיסיע באַם אַרבעטער-רינג מ. גליקסמאַן. קורץ, ס'האָט זיך געטאָן אַף טיש און אַף בענק...

ביז עס איז געקומען דער פֿינאַל. ווי יעדע פֿאַרורטיילטע פֿון אָנהייב אַף א שענדלעכן באַנקראָט אונטערנעמונג, האָט מיטאַמאָל א קראַך

געטאָן די רעקלאַמירטע קאָנפערענץ. דער פּאָליטישער מענאַכעם-מענדל יִצכאָק קאָרן האָט באַוויזן אויסצונוצן אויך אָט די סיטואַציע אויף צו מאַכן א נײַע סעריע רײַזעס אין אַנדערע לענדער (אָפּן כעזשבן פון געזעלשאַפטלעכע פאָנדן, פאַרשטייט זיך), רײַזעס מיט „צונויפקומעניש", אויף וועלכע עס איז געמאָלדן געוואָרן, אַז האַגאָאָם נאָר דער יִדישער קולטור-ליטעראַרישער קאָנפערענץ זײַנען אַרויסגעטראָטן אַזעלכע אָנגעהעריקע צום איניען קרעפטן, ווי די ראַבאָנים און מעצענאַטן; האַגאָאָם י. קאָרן האָט זיך אין א קריטישן מאָמענט מאַטריִער געוועזן אויף נאָך א רײַזע, דאָס מאָל קיין לאָנדאָן, ווו ער האָט קאָנפערירט מיטן לאָרד פּישער אַליין, און דער דאָזיקער ביזן גרונט פרעמדער צו יִדישע קולטור-ווערטן, לאַכלוטן אַסימילירטער „יִדישער לאָרד" האָט עפּעס א בורטשע געטאָן „לעטויוועס דער זאַך"; און האַגאָאָם פאַרינטערעסירטקײַט אין דער וועלט-אַסיפע האָבן אַרויסגעוויזן אַזעלכע גײַסטער פון דער הײַנטצײַטיקער יִדישער ליטעראַטור, ווי באַשעוויס, גראַדע און וויזעל, — האָט דאָס אַלץ ניט געהאָלפן, און מע האָט באַשטימט: דערווײַל אָפּלייגן... אויב דער ריבוינעשעלוילעם וועט העלפן, קאָן מען האָפן, אַז אין א צײַט אַרום, עפּשער איבעראַיאָר (אויך אין בריען פונעם טוריסטישן סעזאָן...), וועט די וועלט-אַסיפע מאַצליִער זײַן... דער רעדאַקטאָר-סקעפּטיקער מאָרדכע צאַנין איז בא דעם פאַרמאַכטן פאָרהאַנג אַרויס מיט א מײַמער, וועלכן ער האָט טרעפלעך אָנגערופן „דער באַרג האָט אַפילע קיין מויז ניט געבוירן", און — דאָס איז אַלץ, די ציִעניסטישע מאַפּיִע אין געביט פון יִדישער שפּראַך און ליטעראַטור האָט זיך איבערגעשלאָסן אויף אַנדערע דײַגעס, אַרויסשטעלנדיק א צונג דער געפּלעפּטער יִדישער ליטעראַרישער געזעלשאַפטלעכקײַט.

וואָס לערנט אונדז דער דורכגעפאַלענער פּרווו צונויפצורופן אונטערן גלעקל פון ניט פאַרגרימירטע אַפּאַראַטשיקעס פונעם ציִעניזם א „וועלט"-באַלאַגאַן אַרום יִדיש? ווײַזט אויס, אַז אין דעם פאַל האָט זיך געלאָזט פילן דער אינסטינקט פון זעלבסטבאַשיצונג בא די אַכרײַעספּולע יִדישע קולטור-שעפער. יאָ, עס דאַרף פּאָזיטיוו אָפּגעשאַצט ווערן דאָס, וואָס די יִדישע שעפערישע קויכעס האָבן נאָך פאַרהיט די פעיִקײַט צו קעגנשטעלן זיך די פאַרנאַרערישע רייד פון דער באָבע יאַכנע, וועלכע האָט זיך דאָס מאָל באַוויזן אין געשטאַלט פון א „קולטור-טרעגערן".

אזא איז אונדזער שטעלונג. וועגן איין כאראקטעריסטישן פּראט ווילן מיר נאָך דערציילן די לייענער.

ס׳איז שווער אפילו צו גלייבן, נאָר דאָס איז א פאקט, אז די איינ-ציקע אָרגאניזירטע יידישע קערפּערשאפטן, וועלכע האָבן זיך געבעטן, מע זאָל זיי רופן אָף דער „אסיפע״, אין דער צייט, ווען די ציִעניסטישע באלעבאטים האָבן זיי ניט ארופגעלאָזט אָף דער שוועל, זיינען געווען די רעדאקציעס פון דער „מאָרגן-פרייהייט״ און פונעם זשורנאל „יידישע קולטור״. גלייך ווי ס׳האָט זיך באוויזן די מיטיילונג וועגן דער בארא-טונג אין יִשׂראלדיקן קאָנסולאט אין ניו-יאָרק, ווו ס׳איז געגאנגען א רייד וועגן צונויפרופן די אסיפע, האָבן די אָנפירער פון אָט די צוויי אויסגא-בעס זיך גענומען אָנקלאָגן, פארוואָס מע האָט זיי ניט פארבעטן אין קאָנסולאט. אָף א פּלענום פונעם אמעריקאנער „איקוף״ (2 נאָיאבער 1974) איז אָנגענומען געוואָרן א רעזאָליוציע, וועלכע האָט „באגריסט די איניציִאטיוו״. ס׳איז ארויסגעזאָגט געוואָרן די אידיי, אז „אזא קאָנ-פערענץ מוז זיין אן אל-איינשליסנדיקע״ (דאָ איז אָנשוילער באוויזן געוואָרן, צו וואָס עס פירט דער טענה פון מיטארבעטן מיט „בעסערע ציִעניסטן״). די „מאָרגן-פרייהייט״ האָט געשריבן אין איר וועכנטלעכן פרעסע-איבערזיכט פארן 5 יוני 1975 (ווען דער קראך פון דער ציִעניס-טישער „אונטערנעמונג״ איז שוין געווען א באשיינפערלעכער): „מיר זיינען אינגאנצן איינשטימיק מיט די ארויסזאָגונגען פון י. קאָרן וועגן אייניקייט אין קאמף פארן יידישן לשון און פאר דער אנטוויקלונג פון יידישער קולטור״ (אָף וועלכע יעסוידעס, אָף ציִעניסטישע, צי אָף פּראָג-רעסיווע? די דאָזיקע פראגע אינטערעסירט ניט, ווייזט אויס, די אָנפירער פון דער „מאָרגן-פרייהייט״). אָבער די „מאָרגן-פרייהייט״, דער „איקוף״ און אנדערע קולטור- און ליטעראטור-אינסטיטוציעס, וועלכע ס׳האָט מיט גרויסע באמיִונגען געשאפן דער פּראָגרעסיווער סעקטאָר אָף דער אמע-ריקאנער יידישער גאס, „זיינען ניט גערופן געוואָרן צו די בעראטונגען. ווען פרווון זיינען געמאכט געוואָרן צו שטעלן זיך אין פארבינדונג מיט די איניציִאטאָרן און אָרגאניזאטאָרן פון דעם אמעריקאנער (ציִעניסטישן) קאָמיטעט, האָט מען ניט צוגעלאָזן צו קיין זיצונגען״. אויך „די יִשׂ-ראעל-פאָרשטייער... האָבן ניט געוואָלט האָבן צו טאָן״ מיט די אָנפירער פון דער „מאָרגן-פרייהייט״, וועלכע האָבן דאָך, אין מאָמענט, ווען דער דורכפאל פון דער „אונטערנעמונג״ איז שוין געווען א סאָד אָף גאנץ

בראָד, אויסגעדריקט די האָפֿענונג, אַז „די פּלאַנירטע (ציוניסטי־שע) קאָנפֿערענץ וועט פֿאַרקומען אין דער ניט ווײַטער צוקונפֿט" און אַז „עס וועט אויסגעמיטן ווערן די צעשפּליטערטקײַט און דער מאַנגל אין אַ קאָנצענטרירטער אַרבעט".

איז דאָס ווערט צו פֿאַרצייכנט ווערן: די אָנפֿירער פֿון דער „מאָרגן־פֿרײַהײַט" און פֿונעם אַמעריקאַנער „איקוף" זײַנען מאַסקים מיט דער איניציאַטיוו פֿון די ציוניסטישע אַפּאַראַטשיקעס צו דורכפֿירן די אויבנ־דערמאָנטע „וועלט־אַסיפֿע". ווען אַ לייענער פֿון דער „מאָרגן־פֿרײַהײַט" (אַווראָם קאַהאַן פֿון פּיקסקיל) האָט אין אַ בריוו צו דער רעדאַקציע זיך אָנגעפֿרעגט, וויאַזוי זי באַציט זיך צו דער שטעלונג פֿון „סאָוועטיש היימלאַנד" אין אָט דער פֿראַגע, איז געקומען אַזאַ אויפֿקלערונג: „זיי (דה. די סאָוועטישע ייִדישע שרײַבער) האָבן זייער שטעלונג, און מיר האָבן אונדזער שטעלונג... לויט דער מיינונג פֿון דער ייִדישער פּראָגרע־סיווער (?) פֿירערשאַפֿט דאָ אין לאַנד איז די ייִדיש־קאָנפֿערענץ אין ייִסראָעל... וויכטיק".

מיר ווילן ניט אָנטאָן קיין צופֿיל אַגמעסנעפּעש די אָנפֿירער פֿון דער „מאָרגן־פֿרײַהײַט", נאָר איין־איינציקע שורע פֿון אַ פּרעסע־באַריכט (אין דער שוין אָנגערופֿענער צײַטונג „אונדזער וואָרט") וועלן מיר זיי דערמאָנען. „עס קאָן זײַן אַ שווערע קאָנפֿערענץ, — שרײַבט מיט אומרו די ציוניסטישע צײַטונג, — ייִדישע שרײַבער פֿרעגן איצט ווידער: „פֿאַר וועמען אַרבעטן מיר?"

אַ שאָד, וואָס די אָנפֿירער פֿון דער „מאָרגן־פֿרײַהײַט" און פֿון דער „ייִדישער קולטור" זאָגן זיך אָפּ צו שטעלן פֿאַר זיך די דאָזיקע פֿראַגע.

סענטיאַבער, 1975

## גאָט זאָל אָפּהיטן פֿון אַזאַ אָנשיקעניש...

זינט עס האָבן זיך באַוויזן — אַלץ אָפֿטער און געדיכטער — אומ־דערלאָזבאַרע, ניט קאָנטראָלירטע טענער אין דער „מאָרגן־פֿרײַהײַט" און ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז גלײַך אויף גלײַך מיט דעם אַראָפּגעשלאָגענעם פֿונעם געווײַנלעכן דערעך רעדאַקטאָר פּ. נאָוויק טיילט דעם סקאַנדאַ־

ליעזן טאָן דער פאַרוואַלטער פון רעדאַקציע כ. סולער, — איז אופגע-
שווומען, נאַטירלעך, די פראַגע: ווער איז ער, סולער, און וועלכע טאַ-
לאַנטן האָבן אים, דעם ווירטשאַפט-פירער אינעם „סטעף", געגעבן סמי-
כעס אף אידייִש-זשורנאַליסטישער פירערשאַפט לויטן נײַעם קורס פון
דער צײַטונג?

מע דאַרף, פאַרשטייט זיך, ניט אָנעמען אַזעלכע זאַכן ערנסט,
כ. סולער איז פון יענע פאַרבנלאָזע פאַרשוינען, וועלכע רופן ניט אַרויס
קיין ווילן צו פעסטשטעלן, ווער זיי זײַנען און וואָס זיי זײַנען. אָבער
דאָס, וואָס גראָד ער איז געוואָרן נאָוויקס רעכטע האַנט, דאַרף בעפיי-
רעש פאַרצייכנט ווערן.

איינע פון די וויכטיקסטע טעמאַטישע אָפּטיילן אין דער „מאָרגן-
פרײַהײַט" איז פון שטענדיק אָן דער וועכנטלעכער איבערזיכט „אין דער
יִדישער פרעסע", וועלכער שטעלט אוועק אונטערן פאָלעמישן פראָ-
זשעקטאָר אַן אָפּקלײַב פון פובליציסטיק אין פאַרשיידענע יִדישע פע-
ריאָדישע אויסגאַבעס. פאַרשטענדלעך, אַז דעם דאָזיקן אָפּטייל פירט
דער רעדאַקטאָר, אָבער אָנהייבנדיק פון אַ געוויסער צײַט, האָט זיך דאָרט
אַלס נאָוויקס דובליאָר פאַרפונדעוועט כ. סולער.

וועגן פראָפעסיאָנעלן ניוואָ פון דעם, וואָס עס טוט אין דער זשור-
נאַליסטיק דער פאַרוואַלטער פון דער ווירטשאַפט אין דער רעדאַקציע,
איז ניט קעדײַ צו ריידן, מיר וועלן בלויז דאָ אָפּמערקן איינע פון זײַנע
„מעטאָדעס". ווען ער וויל שוין אײַנגאַנצן אוועקלייגן אף קאַלט זײַנעם
אַ קעגנער פון דער פּראָגרעסיווער, קאָמוניסטישער זײַט, באַשולדיקט
ער אים אין שוטפעס מיט עמעצן אף דער קעגנזעצלעכער, אַנטיקאָמו-
ניסטישער זײַט. קאָן זײַן, אַז טאַקע ער, סולער, האָט דערפונדן דעם
„אַרגומענט", אַז אויב מע קריטיקירט די פעלערן אין דער איצטיקער
„מאָרגן-פרײַהײַט", „שפּילט מען אַרײַן אין די הענט" פונעם „פאַר-
ווערטס"...

ס'איז קעדײַ צו ברענגען אַ פּאָר „פערל" פון סולערס לעצטע
וועכנטלעכע איבערזיכטן.

דער „ביראָבידזשאַנער שטערן" האָט איבערגעדרוקט פון „איזוועס-
טיִא" אַן אַרטיקל, וואָס הייבט זיך אָן מיט די אַליאַרמירנדיקע ווערטער:
„עס גייט ניט דורך קיין טאָג אָן מיטיילונגען וועגן אומזיניקן אַוואַנטיו-
ריזם פון די רעגירער פון יִסראָעל"... סולערן געפעלט עס ניט. ער זוכט

אָפּ אין א טראָצקיסטישער צײַטונג, וואָס גייט ארויס אין פשא, אז ארטיקל, „אין וועלכן עס ווערט פארדאמט די ייִסראָעל-רעגירונג", און נעמט צונויפירן א וואנט מיט א וואנט. „מיר ווילן כאסוועכאָלילע ניט, — שרײַבט ער, — באשולדיקן דעם „ב. ב. שטערן" אין טראָצקיזם. ווען עס קומט אָבער צו אטאקעס אָף מעדינאס ייִסראָעל, איז פאראן מאָדנע אײַנשטימיקײַט פון דעם אָרגאן פון די טראָצקיסטן און פון דער ייִדישער צײַטונג אין ביראָבידזשאן"...

איצט פארשטייט איר שוין, אָף וואָס סולער איז פעיִק?

און נאָך א בײַשפּיל פון זײַן „מעטאָדע".

די לייענער געדענקען זיכער דאָס ביזע-ביזאָיענדיקע בעטן זיך מיצאַד די „אָנפירער פון דער „מאָרגן-פרײַהײַט" און פונעם זשורנאל „ייִדישע קולטור", אז די ציִעניסטן זאָלן זיי צולאָזן צום יערושאָלאיִמער באלאגאן ארום דער ייִדישער קולטור, און וויִאזוי דער מאקארטיסטישער „פאָרווערטס" האָט גראָביונגעריש פארהאקט פאר זיי די טיר. איצט לאָמיר זען, וויִאזוי סע פאָרעט זיך ארום די אנטוויקלונגען אין אָט דעם איניִען כ. סולער.

מיר וועלן ברענגען א גרעסערע שטעל פון זײַנעם א וועכנטלעכן איבערזיכט פון דער ייִדישער פרעסע, ווײַל דאָ איז אָנשוילעך צו זען, ווער עס איז און וואָס עס איז כ. סולער. ער שרײַבט: „ש. וועבער, דער רעדאקטאָר פון „פאָרווערטס", און ארן ווערגעליס, דער רעדאקטאָר פון „סאָוועטיש היימלאנד", שטימען אײַן אײנער מיטן צווייטן. דער ערשטער (וועלכער זידלט זיך דאָס מאָל, כאָלילע, ניט) פארדאמט פּ. נאָוויקן פאר „פאראט צום ייִדישן פאָלק" — ניט מער און ניט ווייניקער — און דער צווייטער פארדאמט אים פאר פאראט צום סאָציִאליזם. די נאָענטקײַט איז אזוי גרויס צווישן די צוויי רעדאקטאָרן, אז מע הערט זעלטן, זיי זאָלן קריטיקירן אײנער דעם צווייטן. אלנפאלס, טוט דאָס ניט דער רעדאקטאָר פון „סאָוועטיש היימלאנד". אָט, לעמאָשל, האלט דער רעדאקטאָר פון „פאָרווערטס", אז מע טאָר די קאָמוניסטן (פּראָגרעסיווע אָרגאניזאציעס) ניט צולאָזן צו דער וועלט-קאָנפערענץ פאר ייִדיש, ווײַל זיי זײַנען „פארעטער צום ייִדישן פאָלק" (א קלייניקײַט!), און דער רעדאקטאָר פון „סאָוועטיש היימלאנד" האלט, אז די לינקע

טאָרן זיך ניט באַטייליקן אין דער קאָנפערענץ, ווײַל דאָס איז א ציוניסטישע מאכערײַקע און דערמיט אליין איז די קאָנפערענץ שוין טרייף. אזוי אז מע קאָן זאָגן, אז ש. וועבער און ארן ווערגעליס האָבן צווישן זיך א מין פאַרייניקטן פראָנט, עמעס, א נעגאטיוון פראָנט, אָבער ס'איז דאָך דאָ א געוויסע איינִיקייַט אין באקעמפן די „מאָרגן-פרײַהייַט" און אין אטאקירן איר רעדאקטאָר"...

בעעמעס: גאָט זאָל אָפּהיטן פון אזא אָנשיקעניש. עס באקומט זיך, ווי אינעם פאָלקסווערטל — אז מע שיקט איינעם פארמאכן די לאָדנס, פארמאכט ער זיי אין דער גאנצער שטאָט...

פעווראל, 1976

## נעקאָמע פאר קריטיק?

יעדעס מאָל, ווען די רעדאקציע פון „סאָוועטיש היימלאנד" טרעט ארויס מיט באגרינדעטער קריטיק פון דער אידעאָלאָגישער פלאטפאָרם און פון באזונדערע קאָנקרעטע ארויסטרעטונגען פון דער „מאָרגן-פרײַהייַט", הייבט זיך אָן אן אָרגאניזירטע מיצאד די פארטיידיקער פון אָט דער פלאטפאָרם אזשיאָטאזש-קאמפאניע. די אָפּטריניקע פון דער פראָגרעסיווער באוועגונג שרעקן דעם אוילעם, אז, קלוימערשט, קריטיקירן די שעדלעכע פאר דער „מאָרגן-פרײַהייַט" אידייִשע ליניע פון אירע איצטיקע אָנפירער באטייַט אטאקירן די צײַטונג גופע, אָנפאלן אף איר. די רעדאקטאָרן פון דער „מאָרגן-פרײַהייַט" האלטן זיך אקשאָנעסדיק בא זייער טאקטיק: ניט ענטפערן אף די קריטישע באמערקונגען גופע, נאָר שרײַען, אז „סאָוועטיש היימלאנד" „אטאקירט".

זעענדיק, אז אזא סאָרט לאָגיק העלפט ניט, איז מען לעצטנס אָנגעקומען צו דראָונגען פון א פרעצעדענטלאָזן כאראקטער. פון מאָל צו מאָל באווײַזט זיך אין דער „מאָרגן-פרײַהייַט" א „בריוו פון א לייענער" מיטן ציל צו אָנשרעקן די רעדאקציע פון „סאָוועטיש היימלאנד" — אויב, הייסט עס, די „אטאקעס" וועלן ניט אופהערן, וועלן די טויער פון

דער „מאַרגן-פרייהייט" און פון די קלובן, וועלכע געפינען זיך אונטער איר האשפּאָע, אָפּשטעלן די פאַרשפּרייטונג פונעם סאָוועטישן ייִדישן זשורנאַל. אזא בריוו פון א לייענער ווערט געווייגלעך באגלייט מיט אן „ענטפער פון דער רעדאַקציע", ווו עס כאזערן זיך איבער מיט סטערעאָטיפּישער רעגלמעסיקייט איינע און די זעלבע אָנדייטונגען...

אין דער לעצטער צייט איז דער טאָן פון אזעלכע „בריוו און ענטפערס" געוואָרן א באזונדערס ניט דערלאָזבארער.

אינעם ענטפער פון דער רעדאַקציע פון דער „מאַרגן-פרייהייט" אף א בריוו פון באַרעך בעז ווערט צוערשט געשטעלט די פראַגע „צי איז מעגלעך פאַר דער „מאַרגן-פרייהייט" צו פאַרשפּרייטן א זשורנאַל, וואָס זוכט זי אונטערצוגראָבן?" אף וויפל אזא טערמינאָלאָגיע און אזא געדאנקענגאנג פון די רעדאַקטאָרן פון דער צייטונג זיינען שוין ניט קיין נייס, וואָלטן מיר, ווי מע זאָגט, ניט געמאַכט דערפון קיין צימעס. נאָר ווייטער גייט א רייד וועגן פיל מער ערנסטע איניאָנים. מיר לייענען אין דעם דערמאָנטן ענטפער דעם לייענער בעז אָט וואָס:

„עס האנדלט זיך אָבער ניט נאָר וועגן דער „מאַרגן-פרייהייט" — צי קאָן זי פאַרשפּרייטן א זשורנאַל, וואָס פאַרלוימדעט זי? עס האנדלט זיך, נאָך מער, וועגן דער שעדלעכער ליניע פון דער רעדאַקציע פון „סאָוועטיש היימלאַנד", אז עס איז ניטאָ אזא זאַך ווי „גוטע" ציוניסטן, און מע טאָר מיט זיי ניט מיטארבעטן, אויך ניט מיט בונדיסטן און מיט אנדערע אין קאמף פאַר שאָלעם אין מיטעלן מיזרעך".

אָפענע רייד! די רעדאַקטאָרן פון דער „מאַרגן-פרייהייט" שטעלן ארויס א פּאָליטישן באדינג: אויב „סאָוועטיש היימלאַנד" וועט אָנעמען זייער ליניע פון צעטיילן די ציוניסטן אף גוטע און שלעכטע, — מיט אלץ, וואָס דרינגט פון דעם ארויס, — דאָן וועט זיין אַל-רייט, עס וועלן אים פאַרשפּרייטן צווישן די לייענער סיי די רעדאַקציע פון דער „מאַרגן-פרייהייט", סיי אירע נאָכפאָלגער אין די שטעט פון אמעריקע. און אויב ניט...

פאַרוואָס, פרעגט זיך, באשטייט אזוי הארטנעקיק אף דער פאָרמול וועגן „גוטע" ציוניסטן די רעדאַקציע פון דער „מאַרגן-פרייהייט"? ווייזט אויס, אז מיט דעם באמיט זי זיך ארייַנפירן אין דער פּראָגרעסיווער ייִדישער סוויווע אירע איצטיקע אָנשויונגען. דאָס, וואָס די פאָדערונג

„מיטצואַרבעטן" — מיט „גוטע" ציִעניסטן, מיט בונדיסטן אאַ. —
ווערט צוגעדעקט מיט אַזאַ צוציִענדיקער פראַזע, ווי „אין קאַמף פאַר
שאַלעם אין מיטל-מיזרעך", וועט קיינעם ניט קאָנען אָפּנאַרן, ווייַל ווען
די רעדאַקטאָרן פון דער „מאָרגן-פרייַהייַט" וואָלטן טאַקע אָפּגעמענסן
דאָס געמיינט, וואָלטן זיי זיך ניט געשטויסן אין אַן אָפענער טיר: ס'איז
זיי, ווי אַלעמען, באַוווּסט, אַז „סאָוועטיש היימלאַנד", אַזוי ווי די גע-
זעלשאַפטלעכקייַט אין די פרעסע פון אונדזער לאַנד בכלל, באַציט
זיך מיט פאַרשטאַנד צו אַלעמען, אומאָפּהענגיק פון דער פּאָליטישער
אָריענטאַציע, וועך עס קעמפט פאַר שאַלעם און פעלקער-פרייַנטשאַפט.
די רעדאַקטאָרן פון דער „מאָרגן-פרייַהייַט" מיינען אָבער ניט דאָס. זיי
שטויסן די פּראָגרעסיווע ייִדישע מאַסן פון פּשא, די צייַטונג „מאָרגן-
פרייַהייַט", דעם „איקוף", די פאָלקס-קלובן צו אידעאָלאָגישער מיטאַר-
בעט מיט די צוגעטראַכטע מיצאַד זיי אַזוי־גערופענע „גוטע" ציִעניסטן,
און ניט נאָר מיט ציִעניסטן — אויך, ווי מיר זעען, מיטן „בונד", מיט
די פאַרהרייזנעטע אין אַנטיסאָוועטישן זומפּ רענעגאַטן פונעם טיפּ מיקו-
ניס, סמאָליאַר און קאָמפּאַניע.

די רעדאַקטאָרן פון דער „מאָרגן-פרייַהייַט" דערלויבן זיך צו שאַנ-
טאַזשירן דעם זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד" מיט סאַנקציעס.

אין אָנהייב האָט מען געקאָנט מיינען, אַז דאָס זייַנען בלויז דראָונ-
גען, וואָס זייַנען אויסגערעכנט אויף מענטשן מיט שוואַכע נערוון. ענלע-
כע וואָרענונגען האָבן זיך געטראָגן אויך פון דער קאַנאַדער „וואָכנ-
בלאַט", ווען געוויסע פעלערהאַפטע אַרויסטרעטונגען אירע זייַנען קרי-
טיקירט געוואָרן. ס'איז אָבער געווען א האָפענונג, אַז אין די רעדאַק-
ציעס פון אָט די וויכטיקע צייַטונגען וועלן די טוער, וואָס האָבן אָנגע-
ווירן דעם גלייַכגעוויכט, דאָך ניט פאַרלירן ענדגילטיק דעם
סייכל...

ס'איז אַן אַלטער קלאַל: דאָס פאַלן ווערט אינטענסיווער אויב מע
שטעלט עס ניט אָפּ. די בריוו-פּובליקאַציע אין איינעם פון די לעצטע
נומערן פון דער „מאָרגן-פרייַהייַט" איז אין דעם פראַט א ביז גאָר
כאַראַקטעריסטישע.

דער לייענער דאָוויד בערקינגאָף האָט אין זייַן ווענדונג צו דער
רעדאַקציע אויסגעדריקט גרויסע זאָרג וועגן דעם, וואָס „געוויסע קלובן

האָבן אופגעהערט פאַרקויפן „סאָוועטיש היימלאַנד". אַנדערע קלובן רעכענען פאַר אַ נומער צוויי מאָל אַזויפיל, אַז דער קויפער זאָל ניט וועלן דעם זשורנאַל קויפן". און ער פרעגט: „איז דאָס נעקאָמע פאַר דער קריטיק אויף דער „מאָרגן-פרייהייט"?.. נוצט מען קעגן זיי די קאַפּיטאַליסטישע בייטש?"...

דער אַמעריקאַנער לייענער דאַוויד בערקינגאָף האָט אַוועקגעשטעלט די פראַגע אָן שום דריידלעך. וואָס זשע האָט געענטפערט די רעדאַקציע? צו דעם אַלטן טענה, אַז שולדיק זיינען „די אַטאַקעס" אויף דער „מאָרגן-פרייהייט", ווערט שוין איצט צוגעגעבן אָט וואָס: „אַ געוויסער סאָרט פאַרשאַרפטע אַנטיציוניסטישע פּובליציסטיק (אין „סאָוועטיש היימלאַנד" — א. וו.) האָט אויך קיין טויווע ניט געטאָן"...

מיר ענטפערן די רעדאַקטאָרן פון דער „מאָרגן-פרייהייט". אומזיסט מיינען זיי, אַז אידעאָלאָגיע איז אַן איניען אויף צו דינגען זיך. ס'איז אויך קלאָר פאַר אַלעמען, אַז פאַרבאַהאַלטן עפּעס אין אידעאָלאָגיע, איבערדרייען, פאַרשלייערן מיט זייטיקע ווייך — איז אומעגלעך. איבערהויפּט האָט עס אַ שייכעס צו געדרוקטע פּעריאָדישע אויסגאַבעס. דאָרט ווערט אַלץ געזאָגט אין דער עפנטלעכקייט. די עפנטלעכקייט — דאָס זיינען מענטשן מיט אַ באַשטימטער וועלט-אַנשויונג, מיט היסטאָרישן זיקאָרן, מיט אינפאָרמירטקייט אין פאַקטן, מיט פאַרשטאַנד צו פּאָליטיק און אידיישקייט.

מיר האַלטן פאַר אַ כיוו, — און דאָס איז אונדזער פולע רעכט, — אַרויסצוזאָגן זיך אָפן און פּרינציפּיעל וועגן דער טראַגישער לאַגע, וועלכע האָט זיך געשאַפן אין דער „מאָרגן-פרייהייט". ס'איז, פאַרשטייט זיך, פון אָט דעם שטאַנדפּונקט קלאָר, פאַרוואָס די פּובליציסטיק אין „סאָוועטיש היימלאַנד" שטייט עמעצן ווי אַ ביין אין האַלדז.

פאַרלירנדיק די האָפענונג צו פאַרשטאָפן דאָס מויל באַ „סאָוועטיש היימלאַנד", זיינען די אָנפירער פון דער „מאָרגן-פרייהייט", ווייזט אויס, שוין צוגעטראָטן אויסצופילן אַ פּלאַן פון פּרווון ניט צו דערלאָזן דעם סאָוועטישן יידישן זשורנאַל צו די אַמעריקאַנער יידישע לייענער.

מאַרט, 1976

# א טערעץ פאר די בענטש-ליכט

אין דער „מאָרגן-פרייהייט" פארן 16 מארט ד. י. האָט דער רע־דאקטאָר פון דער צייטונג פ. נאָוויק אָפּגעדרוקט א בריוו צו דער רע־דאקציע, דאָס הייסט... צו זיך אליין. ווייזט אויס, אז עס איז אים מיטא־מאָל באפאלן דער געוויסן, און ער האָט בא זיך געפּויעלט געפינען א טערעץ פאר זיין דעמאָנסטראטיוון אייגרייס מיט דער פּראָגרעסיווער באוועגונג.

נאָוויק פארופט זיך אף דעם, וואָס איינער פון די אָנפירער פון דער „מאָרגן-פרייהייט" אין איר רעוואָליוציאָנערן פעריאָד — מוישע קאַץ — איז פארן אריינטרעטן אין דער קאָמוניסטישער פּארטיי געווען א טוער אין דער פּארטיי פון די ציוניסטן-סאָציאַליסטן (ס.ס.). עמעס, ער פאר־שפּאָרט אונדז אן ארבעט און ברענגט אליין מוישע קאצס אן אופקלע־רונג (אינעם אווטאָביאָגראפישן בוך „א דאָר, וואָס האָט פארלאָרן די מוירע"): „זיכער זוך איך ניט צו באהאלטן, און איך דארף זיך ניט פאר־ענטפערן דערפאר, וואָס איך האָב דעמלט, מיט א האלבן יאָרהונדערט צוריק (ידי שורעס זיינען געשריבן אין די 50-ער יאָרן. — א. וו.), בא מיינע ערשטע געזעלשאפטלעך-פּאָליטישע שריט, געהערט צו דער דאָזיקער פּארטיי, וועלכע איז בא איר אלגעמיין-סאָציאַליסטישער פּראקטיק גע־ווען אידעאָלאָגיש א נאציאָנאליסטישע, קליינבירגערלעך-סאָציאַליסטישע גרופּירונג אין יידישן לעבן. אָבער מע קאָן קיין וואָרט פון ליד ניט ארויס־ווארפן: זי איז געווען, און איך, צוזאמען מיט א סאך אזעלכע ווי איך, בין געווען אין איר, און דורך איר האָב איך געזוכט אן ענטפער אף פּראגעס, וואָס האָבן געמאטערט מיך און אזעלכע ווי איך, ביז מיר האָבן זיך ארויסגעשלאָגן אפן ברייטן וועג פון דעם קעמפנדיקן מארק־סיזם".

מיר קאָנען ניט פארשטיין, וואָס עס איז אויסן פ. נאָוויק, פארופנ־דיק זיך אף דער פאַרגאַנגענהייט פון מוישע קאַץ, וועלכער האָט אין דעם ציטירטן שטעל פון זיין בוך געגעבן א טרעפלעכע אָפּשאצונג פון דער קליינבירגערלעכער סאָציאַל-ציוניסטישער פּארטיי און באוויזן, ווי קאָנסעקווענט ס'איז געווען זיין, מוישע קאצס, קומען צום קעמפנדיקן

מאַרקסיזם. דאָס הייסט — מוישע קאַץ טרעט דאָ אַרויס קעגן פּייסעך נאָוויקן, וועלכער איז פונעם קאָמפּאַנדיקן מאַרקסיזם אָוועקגעגאַנגען.

נאָר די זאַך ווערט קלאָר, ווען מיר לייענען ווײַטער נאָוויקס בריוו צו זיך אַליין. „אַלע בוידער פון דער „מאָרגן-פרײַהייט" זײַנען געקומען פון די ציוניסטן-סאָציאַליסטן (ווי ק. מאַרמאָר, וועלכער איז געווען דער ערשטער רעדאַקטאָר פונעם פּאָאַלי-ציוניסטישן אָרגאַן „יידישער קעמ-פער"), מיינסטנס פון „בונד" — אַלגין, איך אַליין און אַנדערע..." — אַזוי שרײַבט נאָוויק, פּרוּוונדיק באַרויִקן דעם אייגענעם געוויסן. עס באַקומט זיך, ווי ער וואָלט אײַנגערעדט די לייענער: „די „מאָרגן-פרײַהייט" שטאַמט פון „דאָרטן", און ס'איז געזעצמעסיק, וואָס זי גייט צוריק „אַהין".

געשיקט זיך פאַרשטייט ניט אַזאַ דערפאַרענער פּאָליטיקער, ווי נאָוויק, אַז —

דאָס, וואָס אַ געזעלשאַפטלעכער טוער איז געגאַנגען פונעם ציוניזם אָדער פונעם „בונד" צום מאַרקסיזם, — איז נאַטירלעך; ווײַטעקלעך און שענדלעך איז, ווען אַזאַ טוער קערט זיך אום אין אומדזוערע טעג צוריק אַהין, פון וואַנען ער איז אַמאָל געקומען.

יוני, 1976

## קליפּ-קלאַפּ, העמערל, קום אַרײַן אין קעמערל

שאַט, פאַראַן שוין אַ האָפענונג, אַז מע וועט צולאָזן די רעדאַקציעס פון דער „מאָרגן-פרײַהייט" און פון דער „יידישע קולטור" צו דער פּלאַניר-טער ציוניסטישער „אַלוועלטלעכער קאָנפערענץ וועגן יידישער קולטור".

גענוג שוין קאַניוטשען הינטער דער טיר, ס'וועט זײַן, גלייבט מען, אָלרײַט.

פאַר די, וועמען מע לאָזט ניט אַרויף אויף דער ציוניסטישער שוועל, האָט אויף אַ זיצונג אין טעל-אָוויוו זיך אײַנגעשטעלט דער מאַפּאַם-מאַנ-היג ד. שטאָקפיש און דער גענעראַל-סעקרעטאַר פונעם ציוניסטישן „יידישן קולטור-קאָמיטעט" אין ייִסראָעל י. סטאָליאַרסקי. דאַן איז אַרויס מיט אָפענע רייד דער „באָס" פון דער אונטערנעמונג, גענעראַל-סעקרע-

טאָר פון דער „אַרבעטער־באַוועגונג" י. קאָרן. מעלדנדיק, אַז ער „מיינט ערנסט דעם איניען", האָט ער אָנגעדייט אַף דער נויטווענדיקייט צו „קאָאָרדינירן די יידישע קולטור־טעטיקייט", מיטן טנאי, אַז „ישׂראל זאָל זײַן דער סאַמע צענטער פון אַלע פּראָיעקטירטע אַקטיוויטעטן", און דאַן וועט די קאָנפערענץ אין ירושלים זײַן „אַ פּילפּאַרביקע און גראַנדיעזע" (ציטירט לויטן באַריכט אין יאַנואַר־נומער פונעם זשורנאַל „פאָלק, וועלט און מעדינע").

האָקלאָל, קאָרנען האָט מען שוין אײַנגעבעטן. מע דאַרף בלויז זיך צונויפרייִדן וועגן „קאָאָרדינירן" די פּראָגרעסיווע קולטור אין פּשט מיטן טעל־אַוויווער ציוניזם. קליפּ־קלאַפּ, העמערל, קום אַרײַן אין קעמערל.

עמעס, פאַר פּ. נאָוויקן, כ. סולערן, אי. גאָלדבערגן און זייער גלײַכן איז נאָך געבליבן איין שטערונג: דער רעדאַקטאָר פונעם געלן „פאָרווערטס" ש. וועבער. ער וויל ניט. דאָס האָט געבראַכט צו אַ העפלעכן דיאַלאָג, אַ געפּעפּערטן אַפן ריין אַמעריקאַנישן שטייגער, צו אַ דיאַלאָג, וועלכן יעדע צײַטונג באַזונדערס האָט געהאָלפן צונויפשטעלן און אַרויסברענגען פאַרן שטוינענדיקן לייענער. ניט שטעלנדיק אַף איין ברעט די בײדע צײַטונגען, וועלן מיר דאָך ברענגען אַ פראַגמענט פונעם דיאַלאָג:

ש. וועבער (אינעם „פאָרווערטס"). „די היגע קאָמוניסטן (מיט דעם הויכן נאָמען רייצט ער עס די אָפּטריניקע פון דער פּראָגרעסיווער באַוועגונג. — א. וו.) האָבן שוין לאַנג צוריק זיך געוואָלט אַרײַנדרייען ווי אָנטיילנעמער אין דער קאָנפערענץ... זיי דאַרפן אָבער וויסן, אַז אַלע מאַנעוורעס אַרײַנצוקומען דורך דער הינטערטיר וועלן ניט העלפן. אויב עמעצער זאָל פאַר זיי פּרוּוון עפענען אַ הינטערטיר, וועט די אַמעריקאַנער דעלעגאַציע (די ציוניסטיש־פּאָרווערציסטיש־בונדיסטישע דעלעגאַציע. — א. וו.) אַרויס דורך דער פאָדערשטער טיר"...

כ. סולער (אין דער „מאָרגן־פרײַהייט"). „עס איז דאָך אַן אינטערנאַציאָנאַלע קאָנפערענץ, צו וועלכער עס ווערן גערופן אַלע יידן, איז ווי נעמט זיך די כוצפּע אַ מאָסער צו באַשטימען, ווער עס זאָל יאָ אָדער ניט אָנטיילנעמען אין דער קאָנפערענץ?"

פּ. נאָוויק, אי. גאָלדבערג, כ. סולער לייגן אײַן וועלטן: לאָזט אַרײַן! אין ניו־יאָרק, אין סטאַטלער הילטאָן־האָטעל, איז צונויפגערופן געוואָרן אַן „אַלגעמיינע קאָנפערענץ־באַראַטונג", ספּעציעל אַף צו שטורמעווען נאָכאַמאָל: לאָזט אַרײַן! דער לאָזונג איז: אַ געייניקטע קאָנפערענץ אין

יערושאַלאַים! — ווי ס'האָט זיך אויסגעדריקט אין דער „מאָרגן־פרײַהײַט"
ג. סאנדלער.

מיט וועמען געייניקט? ווער זײַנען די קולטור־ און ליטעראַטור־
קרעפטן, מיט וועלכע די רעדאקטאָרן פון דער „מאָרגן־פרײַהײַט" ווען
גיין זוכן א פראָגרעסיוון העמשעך פאר דער ייִדישער קולטור און לי־
טעראַטור?

אין אָפיציעלן קאָמוניקע (טעל־אוויוו, פעווראל 1976) פון דער
„אָרגאַניזיר־קאָמיסיע פון דער וועלט־קאָנפערענץ אין יערושאַלאַים פאר
ייִדישער קולטור" ווערט געזאָגט: „...מיצאד ייִסראָעל וועלן אף דער
קאָנפערענץ ארויסטרעטן א צאָל הויכע רעגירונגס־לײַט, שרײַבער און
דענקער, ווי דער בילדונגס־מיניסטער, די פרוי גאָלדע מעיִר, דער פאָר־
זיצער פונעם העברעיִשן שרײַבער־פאריין, דער פאָרזיצער פון דער ציִע־
ניסטישער אָרגאַניזאציע און פון דער ייִדישער אגענץ אאוו. מיצאד די
טפוצעס (דה. פון די ייִדישע קולטור־ און ליטעראַטור־שעפער אין אלע
„איבעריקע" לענדער, אויסער ייִסראָעל. — א. וו.) וועלן אף דער קאָנפע־
רענץ ארויסטרעטן די בארימטע שרײַבער ייִצכאָק באשעוויס, כאַים גראַ־
דע און עלי וויזעל" (ציטירט פון דער צײַטונג „אוסטראַליער ייִדישע
נײַעס").

די „מאָרגן־פרײַהײַט" — געייניקט מיט „א צאָל הויכע רעגירונגס־
לײַט" פון ייִסראָעל און מיט עלי וויזעלן!

קליפּ־קלאָפּ, העמערל, קום ארײַן אין קעמערל...

יול, 1976

## יאָ, אָט אזוי פארקריכט מען, דער שעד ווייסט וווהין

אין דער קאָנאדער „וואָכנבלאַט" איז פארעפנטלעכט א נאָטיץ, וואָס
אנטהאלט א יווישערדיקע, מיט געוויסע וועזנטלעכע אויסנאמען, אָפּשאַ־
צונג פון דער שרײַבנדיקער, מאמעש פיזיאָלאָגישער דעגראַדאציע פון
די פארעטער פון פאָלקס־פוילן ה. סמאָליאר, י. קאָרמאן, ד. ספארד.
מיר ברענגען דאָ פאר אונדזער לייענער דעם איקער־טייל פונעם ארטיקל.

„...הײַנט ווער רעדט שוין, וואָס פאר א מין גילגל הערשל סמאָ־
ליאר האָט דאָס אלץ דורכגעמאכט, זינט ער האָט פארלאָזט פוילן אין

1969. פון א „שטרענגן קאָמוניסט" זיך אריבערגעקײַקלט צו דר. מוישע סנעס רעוויזיאָניזם באלד נאָך זײַן קומען קיין ישׂראל.

דענקען מיר, אז עפּשער געפינט מען אן ענטפער אויף דער רעטע־ניש אין דעם, וואָס מיר האָבן נאָך מיט א צײַט צוריק געלייענט וועגן הערשל סמאָליאַרן אין דער „נײַע פרעסע" פון פאריז. פון דער צײַטונג דערוויסן מיר זיך, אז קורץ פאר זײַן פארלאָזן פוילן האָט ער אָפּגעשיקט א בריוו צו דער „נײַע פרעסע", אין דעקאבער 1969, וועגן זײַן קומען קיין פאריז, לויט א דערלויבעניש פון דער פוילישער רעגירונג, אין וועלכן ער האָט געשריבן (אומגעבעטענערהייט) צווישן אנדערן:

„כ'פּיל זיך בעקוועם צו ארבעטן, צו העלפן... וואָס שײַך מײַן אידייִש־פּאָליטישער פּאָזיציע, איז זי פולשטענדיק אידענטיש, אויף וויפל איך קאָן זיך אָריענטירן, מיט אײַערער. כ'בין ניט יידל קאַרמאַן און ניט ספּארד..."

יידל קאַרמאַן האָט טייקעף נאָך זײַן אָנקומען קיין פאריזש זיך אָנגעהויבן פארנעמען מיט שטערערישער ארבעט קעגן דער פּראָגרעסיווער ייִדישער באוועגונג און איר פּרעסע אין פראנקרײַך. ער, יידל קאַרמאַן, ווי איצט הערשל סמאָליאַר, האָבן נאָר איין ציל אין לעבן — אנטיסאָוועטיזם, ווײַל זיי זײַנען אָנגעזאָפּט מיט סינע און מיט א באגער צו נעקאָמע... און טראַכט דעם, וואָס ער, סמאָליאַר, האָט געשריבן צו דער „נײַע פרעסע", גייט ער צוזאמען מיטן זעלבן יידל קאַרמאַן...

זעט איר, דאָוויד ספּארדן קאָן מען צוטיילן צו אן אנדער קאטעגאָריע פון געוועזענע. ער איז אופּריכטיק געגנוג ארויסצוקומען אָפן און זיך פּראָקלאַמירן אלס ציוניסט... אלס סאָציאַליסטישער ציוניסט. אָבער וואָס איז געוואָרן פון הערש סמאָליארס „אידייִש־פּאָליטישער פּאָזיציע", וועגן וועלכער ער האָט אין 1969 געשריבן צו דער „נײַע פרעסע"? זײַנע אופירונגען, זינט ער איז אין ישׂראל, זײַנען די בעסטע איידעס..."

איצט — מיקוויעך דער באמערקונג (אין אָנהייב פון אונדזער קאָמענטאר) וועגן דעם, אז די אָפּשאצונג, וואָס עס גיט די קאנאדער „וואָכנבלאט", איז א יוישערדיקע מיט געוויסע וועזנטלעכע אויסנאמען.

ווען מע רעדט וועגן אזא מין פּאָליטיש־אידייִשן פּאראט, וועלכן מיר זעען בא סמאָליארן און בא די אנדערע, איז נייטיק כאָטש דערמאָנען דעם, וויאזוי דאָס האָט זיך אנטפלעקט און מיט דער צײַט זיך אנטוויקלט, ביז דעם איצטיקן, שוין פאר אלעמען באשײַמפּערלעכן אויס־

דרוק. די „וואָכנבלאַט" טוט עס אָבער ניט, און ס'איז פֿאַרשטענדלעך פֿאַרוואָס — ווײַל ביז דער לעצטער צײַט האָט זי נישט נאָר ניט דעמאַסקירט די בײַזוויליקע רענעגאַטן, אַפֿילע זיך פֿאַשעט ניט אָפּגעגרענעצט פֿון זיי; אָפֿט האָט זי זיי אָפּגעגעבן אָרט בא זיך אויף די שפּאַלטן, געהאַלטן זיך מיט זיי אין איין מאַכנע, פּונקט ווי זי פּראָקלאַמירט איצט איר אידייִשע שוטפֿעס מיט די רעדאַקטאָרן פֿון דער ניו-יאָרקער „מאָרגן-פֿרײַהײַט", וועלכע זײַנען דערגאַנגען צו דעם, אַז מיטײַלנדיק וועגן א פֿאַרברעכערישער אַנטיסאָוועטישער דעמאָנסטראַציע, אָרגאַניזירט פֿון די ניו-יאָרקער ציוניסטן, זאָגן זיי, אין איין אָרט, אַז „אַזעלכע ליאַרעמדיקע מעטאָדן קאָנען נאָר ברענגען שאָדן", און גלײַך נאָך דעם, — „אָבער ניט אַלעמען, וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין דעם רייזיקן מאַרש, קאָן מען צושרײַבן בייזע קאַוואָנעס"... („מאָרגן-פֿרײַהײַט" פֿאַרן 4 מײַ 1976.), — ווײסנדיק גאַנץ גוט, אַז אין א רעדאַקציאָנעלן אַרטיקל קלינגט אַזא מין באַרעכטיקונג פֿאַר די, „וואָס האָבן זיך באַטייליקט", ווי א ווינק צו באַטייליקן זיך.

דער אויטאָר פֿון דער נאָטיץ אין דער „וואָכנבלאַט" — אישיקע — ווענדט אָן די זעלבע מעטאָדאָלאָגיע: פֿון איין זײַט — א גאַנץ האַרבע, ווי מיר האָבן געזען, אָפּשאַצונג פֿון סמאָליאַרס, קאָרמאַנס, ספּאַרדס אויפֿירונג, און דאָ גלײַך — „פֿאַר פֿיל פֿון זיי האָבן מיר גרויס רעספּעקט. מיר באַטראַכטן זיי ניט אַלס רענעגאַטן, אוכעדוימע. מיר באַטראַכטן זיי אַלס קאָרבאָנעס פֿון די, וואָס האָבן זיך צוגעייגנט אַנטימאַרקסיסטישע דראָכים, אַרײַנגערעכנט — אַנטיסעמיטיזם"...

מיט א האַלב מויל, אַזוי ווי מע רעדט וועגן ניט קיין גאָר לײַטישע קאָמפּאַניאָנען, טוט א מאַך אישיקע אין זײַן נאָטיץ: „וועגן א געווויסן טיפּ „ייִדישע רעוואָליוציאָנערן", וואָס האָבן פֿאַרלאָזט זינט 1968 פּוילן, שרײַבן מיר ניט, אָפֿן גערעדט, פֿאַשעט דערפֿאַר, ווײַל מיר האָבן זיך אָפּגעבריט... און אָפּגעבריט האָבן מיר זיך צוליב דעם, וואָס מיר האָבן זיי געגלייבט אויפֿן וואָרט..."

די נאָטיץ אין דער „וואָכנבלאַט" הייסט: „וווּהין ביסטו פֿאַרקראָכן, הערשל!?"

יאָ, אָט אַזוי פֿאַרקריכט מען, דער שעד ווייסט וווּהין...

יול, 1976

# מײַנע־רייד פון די געװעזענע

די אָפּגעגאַנגענע פון דער פּרינציפּיעלער פּלאַטפאָרם אין דער פּראָגרעסיװער באַװעגונג אױף דער ייִדישער גאַס — די געװעזענע — האָלטן געװײנלעך אונטער דאָס אומרויִקע געמיט בײַ זיך מיט קעגנ־זײַטיקע ליבע־געזאַנגען, מיט שאַפן אין די פֿאַלקס־אָרגאַניזאַציעס א װילקירלעכע אַטמאָספֿער פון קלײנשטעטלדיקער מישפּאָכעדיקײַט. עס טרעפט אָבער, אַז אײנער טרעט אָן א צװײטן אױפן פוס, און דערמלט...

„האגאם עס איז אָנגענומען (אין פיל פאלן, אָבער ניט אלעמאָל) צו שרײַבן קעסיידער „מיר", אײיצע איך ביז גאָר כאװעריש מײַן פרײַנט כאיִם סולער, אַז עס װאָלט ניט געשאט, װען ער היט זיך אױס פון דעם קעסיידערדיקן „מיר"... כאיִם סולער האָט, נאטירלעך, רעכט צו ארױסזאָגן זײַן מײנונג. ער װיל זיך אָנעמען פאר די הערשלס (פאר די סמאָליארס) און פאר די קאָרמאנס, זאָל ער עס טאָן, אָבער מיר (און טאקע אין דעם פאל טאקע מיר! — אונדזער גאנצע באװעגונג אין קאנאדע) — װארפן דאָס אָפּ! דאָס האָט גאָרניט צו טאָן מיטן פאקט, אַז אין טאָך זײַנען מיר קימאט אין אלע קריטישע פראָבלעמען מאסקים מיט דער „מאָרגן־פרײַהײַט".

אין דעם דאָזיקן אױסצוג פון אישיקעס (י. גערשמאַנס) קאָמענטאַר אונטערן נאָמען „אידייִיש אױסגעלײדיקט" אין דער קאַנאַדער „װאָכנ־בלאַט" פאַרן 6 אָקטיאַבער 1976 איז ניטאָ קײן נײַס. אלע װײסן שױן אַזױ אױך, אַז דער רעדאַקטאָר פון דער „װאָכנבלאַט", י. גערשמאַן איז מאסקים מיט די רעדאַקטאָרן פון דער ניו־יאָרקער „מאָרגן־פרײַהײַט", װעלכע פירן ארײַן אלץ מער און מער פּראָציִעניסטישע און אנטיסאָװע־טישע אקצענטן אין דער צײַטונג. ס'רופט אױך ניט ארױס קײן כידעש, װאָס די באַדנלאָזע געװעזענע זײַנען קאָמי־טראַגיש בײס זײ דינגען אָפּ אײנער באַם אַנדערן דאָס רעכט צו רײדן אין נאָמען פון די מאַסן, װאָס קײנער פון זײ, פאַרשטענדלעך, האָט ניט אזא רעכט און װעט ניט האָבן.

נאָר אױב ס'איז שױן יאָ געקומען צו רײד, איז קעדײַ אָפּצומערקן, אַז די סיבע, פאַרװאָס י. גערשמאַן האָט געפונען אין זיך קױעך און געגעבן, אַזױ צו זאָגן, א פעטשאַטשעק זײַן פרײַנט סולערן, איז דאָס, װאָס יענער האָט אים ניט אונטערגעהאַלטן אין זײַן פּאָלעמיק מיטן

אמאָליקן רעדאקטאָר פון דער װארשעװער „פאָלקסשטימע" הערש סמאָליאר.

דער סאמע פרישער עפּיזאָד פון דער פּאָלעמיק האָט זיך אָפּגעשפּילט נאָך דעם, װי סמאָליאר איז אין קאנאדע, לויט װי עס שרײַבט י. גערשמאן, געװען צוגאסט בא „א גרופּע מענטשן", װעמענס „הויפּט־מאכער יויסעף־באָרעך זאלצמאן איז דער סאמע װילד־פארביסענער אָנפירער פון די אנטיסאָװעטיקער, און ניט בלויז צװישן ייִדן".

עס ציט צו די אויפמערקזאמקײַט דער אויסטויש מיט איידעלע װערטער צװישן סמאָליארן און גערשמאנען.

אין טעל־אוויווער „פרײַ ייִסראָעל", װאָס איז איצט די לעצטע צעטרייסלטע „פּאָזיציע" פון א קנופּיע רענעגאטן, איז געװען פארעפנטלעכט א נאָטיץ מיט דער אונטערשריפט „א קאנאדער". אין שײַכעס מיט סמאָליארס רײַזע צו זאלצמאנען איז דאָרט געװען געשריבן:

„אומעטום איז דער גאסט פון ייִסראָעל אויפגענומען געװאָרן מיט א סאך װאַרעמקײַט. אן אויסנאם האָט פאָרגעשטעלט דער אָרגאן פון דער אײַנגעשרומפּענער ראקאך־גרופּע מיט זײַן רעדאקטאָר י. גערשמאן. דער דאָזיקער „שראבער", װעלכער איז באקאנט מיט זײַן גראָביונגערישן נוסעך, איז אין זײַנס א שרײַבעכץ אָנגעפאלן מיט ליגנס און רעכילעס אף הערש סמאָליארן, אָפּרעכענענדיק זיך דערבײַ מיט יודל קאָרמאנען, ד״ר דאָוויד ספארדן און מוישע סנע ז״ל. דער אָנפאל פון דעם דאָזיקן פארשוין, װעלכער איז פארמיִעסט אין זײַן אייגענער סוויווע...״ אדגל. אאוו.

אף אָט דעם פּײַנעם לאָשן האָט געענטפערט אישיקע (י. גערשמאן):

„די, װאָס קאָנען הערשל סמאָליארס סטיל פון שרײַבן, דערקענען אפן אָרט, אז דאָס האָט ער גופע, און ניט קיין קאנאדער, אָנגעשריבן דעם פּאסקווילבאריכט... איז דאָס א מיִעס שטיקל ארבעט ניט נאָר פון אן אידייִש־אויסגעלאָדענעם פארשוין, נאָר פון איינעם, װאָס אנטפּלעקט זיך אלץ מער אלס פּלוידערזאק, פון איינעם, װאָס פּלוטעט גלאט אין דער װעלט... די אלגעמיינע פּרעסע האָט אים ביכלאל איגנאָרירט, האגאם ער האָט זיך געלאָזט רעקלאמירן אינעם ענגליש־ייִדישן זשורנאל „דזשויִש סטאנדארד" אלס „פּראָפעסאָר הערשל סמאָליאר" (זינט װען איז סמאָליאר געװאָרן א פּראָפעסאָר?!).״

זײַנען מיר, הייסט עס, איידעס, װי די געװעזענע גיבן זיך איינער דעם אנדערן אף שיסל און אף טעלער. איבעריק צו זאָגן, אז אזעלכע סצענעס רופן ארויס א ביז גאָר שװערן געפיל. װען דער פאקט, װעלכן

מיר קאָמענטירן דאָ, וואָלט געהאַט א שײַכעס בלויז צו די מײַנע-רייד פון סמאָליאַרן — א פּרימיטיוון פאַרעטער פון דער זאַך פון סאָציאַ-ליזם, — וואָלטן מיר אויסגעמיטן צו דערמאָנען וועגן דעם. וואָס שײַעך אָבער די אַנדערע געוועזענע, וועלכע מיינען, אז שאנד איז ניט קיין רויך, זי עסט ניט די אויגן, קאָן מען זיי געבן אַן אייצע, אז אין אזעל-כע פאלן זאָל איינער דעם אנדערן אין זייער קאָמפּאַניע זאָגן, ווי עס שטייט אינעם פאָלקסווערטל: שענד ניט מער, איך שענד ניט דער, מיר זײַנען ביידע פון איין צעך...

יאַנוואַר, 1977

## לאָמיר זיך דורכריידן...

### א בריוו פונעם סאָוועטישן ייִדישן שרײַבער הירש בלאָשטיין

איך פיל א באדערפעניש זיך דורכריידן מיט אײַך נאָך דעם, ווי איך האָב אין ייִדישע צײַטונגען, וועלכע כ'באַקום פון אויסלאנד, זיך אָנגעשטויסן אף נײַע אומגעלומפּערטע פאָרוווּרפן בענעגייע דעם סאָ-וועטנפארבאנד.

ס'איז שווער זיך פאַרצושטעלן, וויאזוי עס קאָנען צײַטונגען, וואָס רופן זיך פּראָגרעסיווע, ארופוואַרפן א שאָטן אף אונדזער סאָציאַליסטיש לאנד, ווען א הײַפל פארשוינען, וועלכע זײַנען גאנץ באַשײַמפּערלעך איבערגעגעבן פּרעמדע קייכעס, נעמען זיך אײַנאָרדענען א מין פּריוואטן „סימפּאָזיום וועגן ייִדישער קולטור” אָן קיין שום שײַכעס צו איר גופע, און בא אונדז אין לאנד, בא אונדז אין דער ייִדישער סאָוועטישער קול-טור-סוויווע שאַצט מען עס אָפּ ווי א פּראָוואָקאציע.

וואָס דען איז עס? אוואדע א פרעכע אקציע אין דער קאַלטער מיל-כאָמע קעגן סאָוועטנפארבאנד! פארוואָס זײַנען מיר מעכויעוו צו דער-לאָזן, אז מענטשן, וואָס ווייסן אפילע ניט וואָס דאָס איז אזוינס — ייִדי-שע קולטור, זאָלן ארום איר מאכן סקאנדאלן און ספּעקוליאציעס, און

דאָס אַלץ מיטן אָנשטעל, אַז זיי נעמען זיך אָן פאַר דער ייִדישער קולטור?

איך בין אַן אַלטער שריפטשטעלער, איך שטאַם פון דער רעוואָליוציאָנערער קאָהאָרטע, און מײַן מויער, פונקט ווי מײַן האַרץ, פאַרנעמט אַזוינס ניט. איך געדענק ניט אין דער פאַרגאַנגענהײַט, אַז די עכט־פּראָגרעסיווע ייִדישע פּרעסע איז ווען־עס־איז געשטאַנען אויף דער וואַך, מע זאָל כאַלילע ניט ענג מאַכן דער קאָנטררעוואָליוציע, ווען זי נעמט דערקוטשען דער רעוואָליוציע.

פיל צענדליקער יאָרן האָב איך, און נאָך אַ סאַך ווי איך, געלייענט ייִדישע פּראָגרעסיווע צײַטונגען און מיטגעאַרבעט אין זיי, ווײַל זיי האָבן געקעמפט קעגן די אָפענע און פאַרמאַסקירטע סאָנים פונעם סאָוועטנפאַרבאַנד, קעגן די פײַנט פונעם ייִדישן האָרעפאַשניק — די ציוניסטן און אַנדערע שלעק און אָנשיקעניש, — און אָט, נאַ דיר! ניטאָ מער די פּרינציפּיעלע, אָפּגעהיטע פונעם קליינבירגערלעכן נאַציאָנאַליזם, באַשענקטע מיט אַ קלאַסן־כוש ייִדישע פּעריאָדישע אויסגאַבעס. דאָס הייסט, פאַרבליבן זײַנען די פּעריאָדיקע געמען זייערע, אָבער דער טאָך איז אַן אַנדערער. איצט רײַסן זיי זיך אונטער מיט געשרייען וועגן „רעפּרעסיעס אין פססר” קעגן די אָרגאַניזאַטאָרן פון פּראָוואָקאַציאָנעלע „סימפּאָזיומס”, וועלכע זײַנען אויסגערעכנט אויסשליסלעך פאַר די אַקרעדיטירטע אין מאָסקווע קאָרעספּאָנדענטן פון אַנטיסאָוועטישע צײַטונגען.

וואָס האָט דאָ געטראָפן? וואָס פאַר אַ ווייסטער מידבער־ווינט האָט פאַרווייעט אָט די פּראָטעזשע פון „סימפּאָזיומניקעס”? ווי איז געקומען צו דעם, אַז אויך זיי, די אַמאָל פּראָגרעסיווע ייִדישע צײַטונגען, פאַרנעמען זיך איצט מיט אויסקראַצן ניט עקזיסטירנדיקע „כאַטאָיִם” בײַ די טוער פון דער הײַנטצײַטיקער סאָוועטישער ייִדישער קולטור, אָנשטאָט טאָן עפּעס פּאָזיטיוועס אויף צו פאַרטיידיקן די ייִדישע קולטור פונעם ציוניזם?

אומזיסט זייער טירכע! פאַראַן אין פססר, ווער עס זאָל זיך זאָרגן פאַר דער ייִדישער קולטור. מע דערציילט, אַז אַ פּאָר „סימפּאָזיומניקעס” האָבן זיך געהאַט אַרײַנגעכאַפּט קיין טשערנאָוויץ, קעדיי אַ קוק טאָן אויף דער לייענער־קאָנפערענץ פון „סאָוועטיש היימלאַנד”, וועלכע איז פאָרגעקומען בײַ אונדז אין שטאָט, און זיי האָבן געזען די פרייד און די יאָמטעוודיקייט בײַ אַ סאַך הונדערטער מענטשן, אַלט און יונג, וועלכע

האָבן איבערפולט דעם גרויסן זאַל. ווײַטער דערציילט מען, אַז אינמיטן דער לייענער-קאָנפערענץ זײַנען די „סימפּאָזיומניקעס" ווי אויסגערונען...
איך ווינטש אײַך אַלדאָס בעסטע!

**אײַער** הירש בלאָשטיין

## דער ענטפער אף ה. בלאָשטיינס בריוו

צום באַדויערן, מוז געזאָגט ווערן, אַז בא דעם איצטיקן פּאָליטישן מאַצעוו אף דער „יידישער גאַס" איז שוין ניטאָ וואָס צו כידעשן זיך, ווען ניט בלויז באַזונדערע טוער, נאָר צײַטונגען און אָרגאַניזאַציעס, געפינענדיק זיך אין די הענט פון די דאָזיקע טוער, וואַרפן אָפּ אין א זײַט דאָס אַמאָליקע פּראָגרעסיוו-אידייישע וואָפן און ווערן, ווי מיר דריקן זיך אויס, געוועזענע, דה., פּאַשעט געזעדט, רענעגאַטן. אפן ערשטן קוק קאָן אויסזען אומגלייבלעך און מאַמעש דערשרעקנדיק דער אין איינעקע יישווים קימאַט אַלץ-אַרומכאַפּנדיקער, צעבושעוועטער נאַציאָנאַליסטישער ווינטער, וועלכער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אף די ניט לאַנג צוריק נאָך פּראָגרעסיווע יידישע קערפּערשאַפטן. אָבער מיר, מאַרקסיסטן, זײַנען געוווינט אופּצונעמען די „סיורפּריזן", וועלכע דאָס לעבן טראָגט אונטער, אַלס אַזעלכע, וואָס עקזיסטירן אין א רעאַלער ווירקלעכקײַט, אפן פּאָן פון ברייטערע לויטן פאַרנעם, פּרינציפּיעל-ווירקנדיקע געשעענישן און פאַקטן; מיר זײַנען געוווינט אַנאַליזירן דאָס פּאָרגעקומענע, פעסטשטעלן די סיבעס און די פּאָלגן פון א ניט נאָרמאַלער פּאָליטיש-אידייישער דערשײַנונג, זוכן די געזעצמעסיקײַט, פון וועלכער זי דרינגט אַרויס, און באַמיִען זיך צו ענטפערן אף דער פראַגע: ווי לאַנג וועט אַזא מאַצעוו דויערן?

אין אָט דעם בריוו צו אײַך איז ניט מעגלעך, פאַרשטייט זיך, דאָס אַלץ באַלײַכטן און אויסשעפּן, מיר וועלן עפּשער קוים זיך בלויז דערנעענטערן צו דער באַריכטער שווערער און דעליקאַטער פּראָבלעם.

ס'איז באַוווּסט אײַער אײַדעלער כוש פון א וועטעראַן-רעוואָליוציאָנער, וועלכער האָט פאַר די העכער אכציק לעבנס-יאָר געהאַט די געלעגנהײַט צו זען די ווירקלעכקײַט סײַ אין אונדזער וועלט, סײַ אין דער וועלט פון קאַפּיטאַליזם, און מיר טראַכטן איצט וועגן אײַך, אַז זײַענדיק

אין דער ייִדישער ליטעראַטור אַן אַלטער אָדלער — פון די מאָריס ווינטשעווסקי-צײַטן, — וועלכער איז דערפלויגן אַזש צו דער צײַט פון „סאָוועטיש היימלאַנד", קאָנט איר ניט בלײַבן גלײַכגילטיק, און איר לאָזט אַרויס אַ פאַרדראָסיקן געשריי, צוזעענדיק, ווי אַפן אידעאָלאָגישן שלאַכטפעלד זײַנען אין אייניקע ייִדישע ייִשובֿים פון די מײַרעוו-לענדער פאַרטרונקען און איבערגעגעבן אין רעשוס פונעם אידייִשן קעגנער די פּראָגרעסיווע פּאָזיציעס, און דאָ און דאָרט האָט זיך געביטן די וועלטאַנשויונג פון דער פּאָליטישער קאָמאַנדע, און די איצטיקע קאָמאַנדע, פאַרהיטנדיק פאַר זיך דאָס געווער, שיסט שוין פון דעם אַפן ערשטן לאַנד פון סאָציאַליזם. איצט, נאָך 60 גווירלדיקע יאָר פונעם אָקטיאַבער, שטעלן זיי אַוועק אונטער אַ סאָפּעק די אופריכטיקײַט, די ריינקײַט פונעם אָקטיאַבער-לאַנד, און זיי טוען עס גראָביונגעריש, כוצפּעדיק. ס'איז דאָך אַ פאַקט, אַז אויב אַן אַנטיסאָוועטיש-געשטימטן ייִד אין אַמעריקע ווילט זיך הײַנט פאַרשעפּן אַ ביסל שוואַרצע פאַרב, קעדיי וואַרפן זי אַפן ראַטנפאַרבאַנד, דאַרף ער ניט גיין אומבאַדינגט צו דער פּראָפעסיאָנעל-אַנטיסאָוועטישער צײַטונג „פאָרווערטס", ער קאָן זיך באַגיין מיט די אַמאָל פּראָגרעסיווע אויסגאַבעס „ייִדישע קולטור" און „מאָרגן-פרײַהײַט"...

פונוואַנען שטאַמט עס? ווײַזט אויס פונעם אָריענטירן זיך אויף אַ געענדערטער סאָציאַלער סטרוקטור בײַ דער ייִדישער באַפעלקערונג אין די מײַרעוו-לענדער הײַנט-צו-טאָג. זייער אָפּט הערן מיר, ווי די רענעגאַטן טײַטלען אין אונדזער זײַט, אַז מיר זײַנען ניט בעיעכוילעס ביכלאַל אופצונעמען און פאַרשטיין זייער לאָגיק. איז עס טאַקע ריכטיק! אין די צוואַנציקער און אין די ערשטע דרײַסיקער יאָרן, אין פּעריאָד, ווען דאָס ייִדישע לעבן איז נאָך בײַ אונדז אין סאָוועטנפאַרבאַנד אָנגעגאַנגען, אַלס קלאַל, אינעם געוועזענעם טכום-שטעטל, און די סאָציאַלע סטרוקטור פון דער ייִדישער באַפעלקערונג האָט פאַרפולט דעם ספּעקטער, אָנהייבנדיק פון פּריוואַט-קוסטאַרערײַ ביזן פאַבריק-פּראָלעטאַריאַט, אײַנשליסנדיק — אין די אָנהייב-צײַטן — קליין-האַנדל, דעקלאַסירטקײַט און — שפּעטער — דעם זייער ברייטן שיכט מענטשן מיט פרײַע פּראָפעסיעס, — דאַן האָבן די אָפּשטאַמיקע פון די זעלבע שטעטלעך אין צאָפן-אַמעריקע, קאַנאַדע, לאַטײַן-אַמעריקע, מײַרעוו-אייראָפּע געהאַט די מעגלעכקײַט צו פאַרגלײַכן זייער שאַפּ-פּראָלעטאַרישקײַט, זייערע פּראָפעסיעס פון פאַרמיטלער אין דער אינדוסטריע און אין שטייגער מיט דעם, וואָס זיי האָבן

איבערגעלאָזט אין דער אַלטער היים, און דער קאָנטראַסט איז ניט געווען קיין שרייַענדיקער.

איצט איז דאָס בילד אַן אַנדערס. נעמט בא אײַך אין טשערנאָוויץ. ווער איז דער דורכשניטלעכער ייִד? ער איז אַן אַרבעטער, אַן אינזשע-ניער, אַן אָנגעשטעלטער, אָדער אַ פּענסיאָנער פֿון די זעלבע פּראָפעסיעס. דאָס איז גאָר אַן אַנדער בילד, איידער אין די ייִדישע ייִשובֿים פֿון די מיִרעוו-לענדער! דער זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד" האָט איצט אַ היפּשן לייענער אויף די אוראַלער, מאָסקווער, לענינגראַדער, ביראָביד-זשאַנער, טשערנאָוויצער, קעשענעווער, ווילנער, קיִעווער, כאַרקאָווער, טאַשקענטער, לוואָווער זאַוואָדן און פֿאַבריקן, אין די וויסנשאַפֿטלעכע צענטערן פֿון נאָוואָסיבירסק, מאָסקווע אאַז"וו. די צײַטונג „מאָרגן-פֿרײַ-הײַט", וועלכע פֿלעגט אין די צוואַנציקער — דרײַסיקער יאָרן פֿירן אירע לייענער אויף די ערשטמײַיִקע דעמאָנסטראַציעס און זיי דאָרט זען אין די קעמפֿערישע קאָלאָנעס פֿון די ניו-יאָרקער, טשיקאַגער, פֿילאַדעלפֿיער פּראָלעטאַריער, באַזיצט איצט אַ סאָציאַלע באַזע, ווו דער אַזויגערופֿענער „בירגערלעכער" סעקטאָר איז פֿיל ברייטער און ווירקנדיקער, איידער פֿריִער. דאָס איז שוין אין אַ היפּשער מאָס אַ קליין-בורזשואַזע און מיטלשיכט-באַזע. אין די צוואַנציקער, דרײַסיקער, פֿערציקער יאָרן, ווען די רעדאַקציע פֿון דער „מאָרגן-פֿרײַהײַט" פֿלעגט ניט מוירע האָבן און זיך ניט שעמען צו מעלדן אין דער עפֿנטלעכקײַט, אַז די צײַטונג איז אַ קאָמוניסטישע — דאַן פֿלעגט זי באַקומען פֿון אירן אַ לייענער אָפּט איין דאָלאַר, אָדער צוויי; איצט לאַכט זיך אויס די נאָוויק-סולער-רעדאַק-ציע פֿון אַזעלכע סומעס. פֿאַראַן לייענער, וואָס וואַרפֿן אונטער אַן אַסיג-נאַציעלע פֿון טויזנט דאָלאַר! דאָס זײַנען פּראָלעטאַריער? מיר ווייסן, ווער דאָס זײַנען, און זיי באַשטעלן די מוזיק. דער רענעגאַט נאָוויק שפּילט נאָך אין „סאָציאַליזם", פֿאַרשווײַגט און פֿאַרוואַלירט דעם פֿאַר-ענדערטן מאַצעוו פֿון דער צײַטונג. ער האָט מוירע, אַז, געווינענדיק דעם אָלרײַטניק, וועט ער פֿאַרלירן דעם האָרעפּאַשניק, מאַכט ער הײַנט אַן אָנשטעל, אַז ער „זעצט פֿאָר די פּראָלעטאַרישע טראַדיציעס", און איינצײַטיק שפּרינגט ער כוצפּעדיק אין פּאָנעם אַרײַן דער סאָציאַליסטי-שער וועלט, פֿאַרפֿלייצט די זײַטן פֿון דער „מאָרגן-פֿרײַהײַט" מיט שמוץ-בריוו פֿון זײַנע גײַע אַקטיוויסטן, מיט בריוו און רעדאַקציאָנעלע קאָמענ-טאַרן צו זיי, וועלכע זײַנען אָפּן אָנגעצילט קעגן דער אַמעריקאַנער קאָ-

מוניסטישער פּאַרטיי, קעגן דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פֿון יִשׂראל, קעגן דעם סאָוועטנפֿאַרבאַנד, קעגן דער פּראָגרעסיוו-טרײַער ייִדישער פּרעסע אין יִשׂראל, אורוגווײַ, אַרגענטינע און, נאַטירלעך — קעגן „ביראָבידזשאַנער שטערן" און „סאָוועטיש היימלאַנד".

מיר דאַרפֿן פֿאַרשטיין, אַז נאָוויק אָדער גערשמאַן אָדער אַנדערע זײַנען אין דער דאָזיקער סיטואַציע בלויז אַ געצײַג אין דעם אַרסענאַל פֿון נאַציאָנאַליסטישע קרײַזן, וועלכע האָבן גענומען צײַטווײַליק די איבערהאַנט אין דער ייִדישער פּראָגרעסיווער באַוועגונג פֿון זייערע לענדער. ווען די רעדאַקציע פֿון דער „מאָרגן-פֿרײַהײַט" וואָלט געפּרוּווט זיך שטעלן קאָנסעקווענט קעגן ציוניזם און פֿאָרמולירן קלאָר און דײַטלעך אַ פּראָגרעסיווע פּלאַטפֿאָרם, וואָלטן די פֿאַרמעגלעכע ייִדן אויפֿגעהערט זי אונטערהאַלטן מיטן דאָלאַר, און פֿאַר דעם האָט נאָוויק מורא. ער ציטערט, אַז עס זאָל אים ניט אויסקומען ווידעראַמאָל איבערגיין אויפֿן אויסהאַלט פֿונעם פּראָלעטאַרישן גראָשן... ער האָט אויך אַ באַשײַמפּערלעכן מיין צו אונטערהאַלטן בײַ זיך דעם פּאָליטישן אָטעם מיט אונטערוואַרפֿן פֿון צײַט צו צײַט אַ סענסאַציִעלע, אַז אָט, זעט איר, — אַמאָל געווען אַ קאָמוניסט, און איצט שוין „אָפּהענגיק" און „קריטיש" בענגייע די געוועזענע כאַווײרים.

האַקלאַל — גרעסער איז געוואָרן דער קליינבירגערלעכער סעקטאָר אין דער סאָציאַלער באַזע, און דעריבער איז די קלאַסן-פּלאַטפֿאָרם אַן אַנדערע. דאָס האָט אַ שײַכעס צו אַלע די, וואָס קערן איצט איבער דעם אידעאָלאָגישן פּעלץ.

צי קען אַזאַ מאַצעוו לאַנג דויערן? מיר מיינען, אַז ניט. צי איז דאָס דער סאָף פֿון דער ייִדישער פּראָגרעסיווער באַוועגונג אין די מײַרעוו-לענדער? מיר זײַנען זיכער, אַז די פּאָלקס-אָרגאַניזאַציעס, די פּראָגרעסיווע ייִדישע ליטעראַטור און פּרעסע, די אַלע אינסטיטוציעס און קערפּערשאַפֿטן, וואָס זײַנען געשאַפֿן געוואָרן אין לאַנגיאָריקן קלאַסן-שטרײַט, וועלן איבערלעבן די יעניקע, וועלכע האָבן זיי פֿאַראַטן.

וואָס איז שײַך דעם נישטיקן טומל אַרום דעם „סימפּאָזיום", וועגן וועלכן עס רעדט זיך אין אײַער בריוו, וועלן מיר אײַך דערציילן אַ טשיקאַווע געשיכטע, וואָס מיר האָבן זי ביז איצט ניט געפֿונען פֿאַר נייטיק צו ברענגען צו דער עפֿנטלעכקײַט, שרײַבן וועגן איר אויף די רײנע זײַטן פֿון „סאָוועטיש היימלאַנד". אויף וויפֿל די „דיסידענטן" —

צוגויפרופער פונעם „סימפאָזיום" — האָבן זיך געווענדט מיט א בריוו צו דער רעדאַקציע פונעם זשורנאַל, האָבן מיר ערעוו דער אָנגעמערקטער דאַטע ארויסגעזאָגט א ווונטש, אז די אָנפירער פונעם „אָרגאַניזיר-קאָמיטעט" זאָלן אריינקומען אין רעדאַקציע, קעדיי דורכשמועסן זיך. אין דער אָנגעמערקטער צייַט זייַנען געקומען דרייַ פּאַרשוינען, וועלכע האָבן זיך אָנגערופן אבראַמאָוויטש, וואָלוואָווסקי און בעגון. באַגריסנדיק זיך מיט זיי, האָבן מיר גלייַך אפן היימישן אויפן גענומען שטעלן פראַגן:

— וואָס קלייַבט איר זיך טאָן קאָנקרעט אף צו פאַרברייטערן די קולטור-טעטיקייַט? צי האָט איר אין זינען די רעאַלע באַדינגונגען: אונדזער לייענער-קאָנטינגענט, די שפּעצירישע קויכעס? צי זייַט איר גענוג באַקאַנט מיט די ווערק פון די יידישע שרייַבער, מאָלער, מוזיקער? צי האָט איר געזען די ספּעקטאַקלען פון די יידישע פאָלקס-טעאַטערס, באַזוכט די קאָנצערטן פון די זינגער און דערציילער? אין וואָס זעט איר אייַן אייַער מיסיע? עפּשער וועט איר צולייגן א האַנט צום רעדאַגירן יידישע מאַנוסקריפּטן?

מיטאַמאָל דערפילן מיר, אז ס'איז שטיל, אונדזערע ווערטער פאַלן ווי אין א פוסטקייַט. די „דיסידענטן" פינטלען מיט די אויגן, ענטפערן ניט אף די פראַגן. איינער זאָגט אף רוסיש:

— מיר האָבן געבראַכט מיט זיך אַן איבערזעצער, ער איז נאָך אין פאָדערצימער, טוט דאָרט אויס זייַן מאַנטל... מיר פאַרשטייען ניט קיין יידיש...

— און איר לייענט אויך ניט אף יידיש? און איר שרייַבט ניט?

— ניין.

— וויאַזוי זשע טראַכט איר אַנטוויקלען די יידישע קולטור?

— מיר שטעלן מיט זיך פאָר די 90 פּראָצ. יידן אין סאָוועטן-רוסלאַנד, וועלכע זייַנען אַסימילירט. איר שטעלט פאָר די 10 פּראָצ., וואָס נוצן יידיש...

— נו, דאָס, וואָס איר זאָגט וועגן זיך און וועגן אונדז, איז נאָך א גרויסער סאָפעק. נאָר לאָמיר ניט דערווידערן. איז ווידער ניט קלאָר: ווי באַוווּסט, קלייַבט איר זיך אף אייַער סימפּאָזיום ריידן וועגן יידישער קולטור...

— מיר ווילן פֿאָדערן בײַ דער מעלוכע, זי זאָל דערלויבן די 10 פּראָצ. צו געניסן פֿון ייִדישער קולטור. פֿאַר די 90 פּראָצ. אַסימילירטע ייִדן זאָל זי געבן ייִדישע קולטור אויף רוסיש...

— דאָס הייסט, געבן פֿאַר זיי רוסישע קולטור?

— ייִדישע קולטור אויף רוסיש.

— אין דער פֿאָרמול „ייִדישע קולטור אויף רוסיש" זײַנען צונויפֿגענומען איינעם צווײ קלוימערשט קעגנזעצלעכע שטאַנדפּונקטן: דער גראָב-אַסימיליאַטאָרישער און דער נאַציאָנאַליסטישער.

— איר ווילט מיט דעם זאָגן, אַז מיר זײַנען ניט קאָמפּעטענט דורכצופֿירן אַ סימפּאָזיום וועגן ייִדישער קולטור?

— וואָס וואָלט איר געזאָגט, ווען מיר, וועלכע פֿאַרשטייען גאָרניט אין קיבערנעטיק, נעמען זיך צונויפֿרופֿן אַ סימפּאָזיום וועגן קיבערנעטישע פּראָבלעמען?

— צו קיבערנעטיק דאַרף מען צולייגן דעם קאָפּ.

— צו ייִדישער קולטור אויך.

— מיר בעטן ריידן מיט אונדז אײַדעלער, אָן שאַרפֿע אויסדרוקן, אַנדערש וועלן מיר פּראָטעסטירן.

— דאָ קלײַבט מען זיך ניט ריידן צו אײַך אײדל-געפּעסטעט. אין בעסטן פֿאַל פֿאַרנעמט איר זיך מיט איניאַנים, און וועלכע איר זײַט באַהאַוונט, ווי אַ טערק אין ראַבאַנאָן קאָדעש...

— און אין ערגסטן פֿאַל?

— אין יענעם פֿאַל ברענגט איר שאַדן דער ייִדישער קולטור און די סאָוועטישע ייִדן.

— איר ווילט זאָגן, אַז מיר דינען דעם ציִעניזם?

— אין דעם צווייפֿלען מיר ניט.

ליבער פֿרײַנט הירש בלאָשטיין! עס איז געבליבן עפּשער אָנצושרײַבן אַ פּאָר ווערטער וועגן דעם, ווי אַ געוויסע ייִדישע פּרעסע אין כוץ לעאָרעץ, וועלכע רופֿט זיך פּראָגרעסיוו, האָט אָפּן סאַמע אומווירדיקן אויפֿן זיך געוואָזגעט מיט אָט די בעעמעס באַצאָלטע פֿון דער אַנטיסאָוועטישער קאַסע פֿאַרשוינען — די „סימפּאָזיומניקעס", פֿאָרשטעלנדיק זיי אַלס „קאָרבאַנעס פֿון פֿאַרפֿאָלגונגען", אין דער צײַט, ווען בײַ אונדז אין סאָוועטן-לאַנד איז פֿאַר אַזעלכע מענטשן פֿאַראַן איין „פֿאַר-

פאָלגונגס־אקט" — מע זאָגט זיי: ניט דאָ איז דאָס אָרט פאַר פּראָוואָ־קאַציעס.

אָבער וועגן דעם האָט איר שוין אַליין געשריבן אין אײַער בריוו, און געשריבן האָט איר גאַנץ אָפן, מיט פאַרדראָס און מיט צאָרן, און א הארציקן דאנק אײַך דערפאר.

מארט, 1977

## דער באלאנס פון א געוועזענעם

פון זינט דער זשורנאַל „ייִדישע קולטור" איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין א טריבונע פאר אנטיסאָוועטיזם, האָט זיך דאָרט אָנגעהויבן פּילן שטארק היימיש מארטין בירנבוים, וועלכער האָט מיט פיל יאָרן צוריק שוין געהאט אוועקגעלייגט אין א זײַט זײַן אויסגעשריבענע און אויסגע־ריבענע, אמאָל „פּראָלעטפּענישע" פּען.

אין „סאָוועטיש היימלאַנד" פאַר סענטיאַבער פאַריקס יאָר איז פאַר־עפנטלעכט געוואָרן א בריוו פון אַרבעטער פונעם אוראַלער מאַשינבוי־זאַוואָד. זיי שטעמפּלען מיט צאָרן בירנבוימס ליד אינעם זשורנאַל „ייִדישע קולטור", אין וועלכער ער שרײַבט וועגן דעם סאָוועטנפאַרבאַנד: „נישט מיט אָנזאָג פון באַגינען פלאַטערט דאָרט שוין מער דער רויטער שטערן" און — „ס'האָט שוין לאַנג א וווּט א שווארצע זיך אף יענער ערד צע־גאָסן".

פאַרשטייט זיך, אז דאָס קאָל פון די סאָוועטישע מענטשן איז גע־ווענדט ניט צום געוועזענעם פּאָעט און ניט צו די רענעגאַטן־רעדאַק־טאָרן, וואָס שטעלן אים ארויס דערפאַר, ווײַל קיין בעסערס האָבן זיי ניט. און דאָך האָט זיך געדאַכט, אז באַקומענדיק עפנטלעך דאָס, וואָס ער האָט פאַרדינט, וועט בירנבוים זיך כאַפּן, אז כאָטשבי פאַר די לייענער פונעם זשורנאַל „ייִדישע קולטור", וועלכע האָבן נאָך קיינעם ניט באַ־פּולמעכטיקט אַרויסצוּוואַרפן אָפּן מיסט זייערע פּראָגרעסיווע טראַדי־ציעס, דאַרף ער זיך סטאַרען צוטראַכטן עפּעס מער צוגעפּוצטס, איידער דאָס, פון וואָס אפילע אייניקע זײַנע שותפים האָבן פאַרקוועטשט די נאָז.

אָבער אין דער „יִדישער קולטור" איז מ. בירנבוים ארויס מיט אזא לאָשן (אין זײַן ארטיקל „א „געוועזענער" ענטפערט"):

עמעסע (לויט בירנבוימען) געוועזענע... „זײַנען די, וואָס נעמען אָן, אז דאָס (געמיינט דאָס לעבן אין סאָוועטנפארבאנד. — א. וו.) איז סאָציאַליזם און פארטיידיקן אים מיטן פולן אָנשטעל פון מארקסיסטישער אידייִשקײַט, מיטן אפאראטשיקס קאנטשיק אין דער האנט!";

„צי האָט עמעצער געהערט פון ארבעטער־שטרײַקן און פראָטעסטן קעגן וועלכע־עס־איז באדינגונגען אין סאָוועטנפארבאנד? סארא דער־שרעקנדיקע „הארמאָניע" צווישן פאָלק און מאכט!";

„דער סאָוועטנפארבאנד פארשפרייט און עקספּאָרטירט אנטיסעמי־טיזם ווי א טייל פון זײַן פּאָליטישער פּראָגראם".

בירנבוים באדויערט, וואָס „פאר א טייל מענטשן, אין אונדזער סוויווע (דה. אין דער יִדישער פּראָגרעסיווער סוויווע אין אמעריקע. — א. וו.) איז דער סאָוועטנפארבאנד נאָך אַלץ דער סינאָנים פון סאָציאַ־ליזם"...

ס'איז נידעריקער פון אונדזער קאָוועד צו פירן א וויכוח ארום אזא בייזוויליקער פלאפלערײַ. בעסער וועלן מיר איבערדערציילן פארן לייענער פון „סאָוועטיש היימלאנד" בירנבוימס א ליד, פארעפנטלעכט אין זעלבן נומער פון דער „יִדישער קולטור".

די ליד הייסט „באלאנס". בירנבוים זיצט „אויפן זאמד", „בײַ דעם ברעג". ער זעט: „א מיידל, א יִינגל, א האלב נאקעטע ברוסט — עס טוט אינעם בלוט א ברי נאָך מיט גלוסט"... אָך וויפל אָבער ער געפינט זיך „אין דער מאטקײַט", מוז ער זיך באנוגענען „מיט כושים צעוועקטע, מיט דאָרשט אויף דער צונג — באלאנסיר זיך בײַם ברעג דאָ צווישן אלט און יונג"...

אין פּאָליטישן זין איז בירנבוימס באלאנס, פּונקט ווי דער באלאנס פון זײַנע רעדאקטאָרן, פאקטיש דער זעלבער, — מיט איין אויסנאם: דאָס פּאָליטישע באלאנסירן קומט פאָר ניט „בײַם ברעג דאָ צווישן אלט און יונג", נאָר אין די איפּעשדיקע זומפּן פונעם אנטיסאָוועטיזם.

אפּרעל, 1977

## די „מאָרגן־פרייהייט" אף פרעמדע וועגן — פון אנטיסאָוועטיזם און פראַציאָניזם

### 1. וויאַזוי עס האָבן זיך אנטוויקלט די געשעענישן

אין סאַך פון די זעכציקער און אין די ערשטע זיבעציקער יאָרן האָט, ווי באוווּסט, זיך צעשפּרייט אין איר פולער „פּראַכט" און געלאָזט פון זיך הערן מיט סקאַנדאַלן אף דער צווישנפעלקערלעכער ארענע די ציוניסטישע רעאקציע אין דער יידישער סוויווע — אָנגעהויבן פון די ביירוט־לייט און „דזשוויש דעפענס ליג" און געענדיקט מיט די אויסגע־לאַסענע דעזערטירן און רענעגאַטן. פאַר די אויגן פון דער וועלט־עפנט־לעכקייט איז אָנגעגאַנגען (און גייט אָן אויך איצט) א הידרעך־פּידרעך פון מאָראַלישע קריפּלס, וועלכע האָבן אויסגעקליבן אלס צילברעט דאָס היילקטום און די האָפענונג פון דער עפּאָכע — דעם סאָוועטנפאַרבאַנד, דעם קאָמוניזם. ס'איז מער ווי נאַטירלעך, אז טאַקע אין דער נאַציאָנא־לער סוויווע, ווו אזוינס קומט פאָר, זאָלן זיך מאָביליזירן די געזונטע קויכעס, קעדיי, לעכאָלהאַפּאַכעס, פאַרשטעלן פון די שמוצוואַרפער די פּאַן. עס טרעפט אָבער, אז גראָד אין אזא מאָמענט נעמט עמעצער פאַרשווערן דעם געראַנגל, אָנהעגנענדיק זיך אף די הענט פון די קעמפער, זוכנדיק שוטפים צווישן די אָנפאַלער. אזא סיטואַציע האָט אין סאַך פון די זעכציקער און אין אָנהייב פון די זיבעציקער יאָרן זיך איינגעשטעלט אין דער יידישער פּראָגרעסיווער באוועגונג פון אמעריקע און, נאָכפאָלגנדיק, אויך פון קאַנאַדע. די אָנפירער פון דער „מאָרגן־פרייהייט" פּ. נאָוויק, כ. סולער און אַנד. זיינען געווען די יעניקע, וועלכע האָבן אוועקגעפירט די פאָלקס־צייטונג אף אזעלכע זייטיקע וועגן, וואָס ברענגען אומפאַרמיידלעך צום אנטיסאָוועטיזם און צום בור־זשואַזן נאַציאָנאַליזם.

אונדזער רעאקציע אף אָט דער אומגעבונג איז ניט געווען געריכ־טעט צו „פאַרשאַרפן די ווינקלען", אָנהעגנען יאַרליקן. ס'איז ניט געגאַנ־גען קיין רייד וועגן איינרייסן מיט דער צייטונג און מיט דער באוועגונג, וועלכע האָבן געהאַט ערנסטע פאַרדינסטן אינעם קאַמף, וואָס עס האָבן געפירט אין די פאַרגאַנגענע יאָרצענדליקער די פּראָגרעסיווע יידישע פאָלקסמאַסן. אין העסקעם מיט די איינגעשטעלטע נאָרמעס פון כאַ־

װערישקײַט און קאָלעקטיװער אכריײַעס האָט דער זשורנאַל „סאָװעטיש היימלאַנד" פֿאַרעפֿנטלעכט א רײ זאָרגזאַם-ארגומענטירטע באַמערקונגען מיקויעך דער שטעלונג פֿון דער „מאָרגן-פֿרײַהײַט" צו אזעלכע פּראָבלעמען פֿון דער צײַט, װי: 1) דער אופֿן פֿון אינפֿאָרמירן די לייענער אין פּשא און אין אנדערע לענדער װעגן דער פּאָליטיק פֿונעם ערשטן לאַנד פֿון סאָציאַליזם, בײס די קאָנקרעטע אספּעקטן פֿון דער דאָזיקער פּאָליטיק רופֿן ארויס א שטראָם פֿון בײזװיליקע אויסטײַטשונגען מיצאַד אנטיסאָװעטיקער דורך די בורזשואזע קאַנאַלן פֿון אינפֿאָרמאַציע און עס פֿאָדערט זיך א פֿאַראַנטװאָרטלעכער צוגאַנג פֿון דער פּראָגרעסיװער פּרעסע; 2) די נויטװענדיקײַט צו געבן אַן ארויסדרינגענדיקע פֿון די געשעענישן אין די לעצטע יאָרן אידײַיִש-פּאָליטישע כאַראַקטעריסטיק פֿונעם ציוניזם, װעלכער האָט גאַנץ אָפֿן און אָן שום מעניעס איבערגעגעבן אַלע זײַנע מיטלען און מעגלעכקײַטן אין רעשוס פֿון דעם הײַנטצײַטיקן קריגערישן אימפּעריאַליזם, צו דינסט די עקסטרעם-רעאַקציאָנערע, אנטיקאָמוניסטישע, אנטיסאָװעטישע צענטרען אױף דער װעלט-ארענע, דערשײַנענדיק אַלײן, װי א באַװאָפֿנטער פֿון קאָפּ ביז די פֿיס צװישנפֿעלקערלעכער רויבער; 3) די פֿאָדערונג פֿון א קאָנסעקװענטער אכרײַעסדיקער שטעלונג אין דער פֿראַגע פֿונעם קאָנפֿליקט אױפֿן נאָענטן מיזרעך, האָבנדיק אין זינען, אז נאָך העכער פֿון די האַרמאַטן הערט זיך צומאָל אױף דער ייִדישער גאַס דאָס „שיסן" פֿון ציוניסטישע פּראָפּאַגאַנדיסטן-אונטערהעצער, אידײַיִשע „קריגס-פּאָדריאַדטשיקעס", און װי שטענדיק בעשאַס אַן אויפֿברויז פֿון נאַציאָנאַליסטישער היסטעריע, איז גרויס די געפֿאַר צו פֿאַרלירן דעם קלאַסן-צוגאַנג צו די עמאָציאָנעל-באַפֿאַרבטע געשעענישן.

אױף װיפֿל די אויסגערעכנטע פֿראַגן זײַנען אָן גוזמע באַזיש-װיכטיקע, האָט „סאָװעטיש היימלאַנד" אָפּגעהיט אינעם קריטישן קאָמענטאַר דעם פּרינציפּ פֿון אָנרופֿן אַלץ מיטן ריכטיקן נאָמען, װי מע זאָגט — שטעלן דאָס פּינטל אױפֿן i.

צום באַדויערן, האָט זיך ארויסגעװיזן, אז טאַקע דאָס האָט ארויסגערופֿן צערײצטקײַט און גרימצאָרן בײַ די, צו װעמען עס איז געװען געװענדט דאָס װאָרט פֿון פּרינציפּיעלער קריטיק. אין טאָך, איז שוין בלויז די דאָזיקע פֿאָרמעלע אופֿירונג פֿון די רעדאַקטאָרן פֿון דער „מאָרגן-פֿרײַהײַט" געװען א באַװײַז, אז זײ װאַרפֿן אָפּ יעדע מעגלעכקײַט

צו אויסגלײַכן אַף װײַטער דעם אידיישן גאַנג פון דער צײַטונג. אַנשטאָט צו ענטפערן אַף די עצעם פראַגן, װעלכע זײַנען באַרירט געװאָרן אין „סאָװעטיש היימלאַנד", האָט די רעדאַקציע פון דער „מאָרגן-פרײַהײַט" זיך געװענדט צו מעטאָדן פון דעמאַגאָגיע און אַזשיאָטאַזש. איר אַרגו-מענטאַציע איז געגאַנגען אויסשליסלעך לויט דער „לאָגיק": יעדער פרווו צו אָפּפרעגן די אָדער יענע פאַלשע שטעלונג פון דער „מאָרגן-פרײַהײַט" „שפּילט אַרײַן אין די הענט פון דער רעאַקציע".

פּ. נאָװיק און כ. סולער האָבן אָרגאַניזירט אונטער אַ דיריזשאָר-שטעקעלע װילקירלעכע לויטן טאָן „בריװ"-אַרויסטרעטונגען פון זייערע נאָכפאָלגער, צװישן װעלכע עס זײַנען דערשינען פאַר די שטוינענדיקע פּראָגרעסיװע לייענער ניט װייניק אײַנפאַכע אַנטיסאָװעטיסטן און פּריי-דיקער פון רעאַקציאָנערע ציוניסטישע טעזיסן. דער ענטפער צום זשור-נאַל „סאָװעטיש היימלאַנד" איז געװען — אויסער אַ האָגל זידלערײַען און ניט קאָנטראָלירטע אויסברוכן פון שעקער, — צוערשט דראָונגען, אַז עס װעלן אָנגענומען װערן מיטלען צו שנײַדן די צירקוליאַציע פונעם זשורנאַל אין פּשא, און שפּעטער — די פאַרווירקלעכונג פון דעם דאָ-זיקן כוליגאַנישן מאָסמיטל.

## 2. קעגן װעמען שיקט איצט אירע פײַלן די „מאָרגן-פרײַהײַט"

װען מע לייענט הײַנט די „מאָרגן-פרײַהײַט", איז שװער זיך צו באַפרײַען פונעם אײַנדרוק, אַז די אַטמאָספער איז אין איר דורכויס אַן אַנטיסאָװעטישע, װעגן װאָס עס זאָגט אײדעס הען דער אונטערקלײַב פון אינפאָרמאַטיװע מאַטעריאַלן, הען דער אויפן, װיאַזוי זיי װערן קאָ-מענטירט.

אָט, לעמאָשל, עפענען מיר אַן אָרדינטלעכן נומער פון דער צײַטונג, דעם לעצטן, װאָס איז אָנגעקומען קיין מאָסקװע בײַס עס װערן גע-שריבן די דאָזיקע שורעס, — מיר עפענען דעם נומער פאַרן 6 פעװראַל 1977 און לייענען דאָרט אַ גאַנצע רײ טענדענציעז-אונטערגעקליבענע, אינעם אויבנדערמאָנטן נוסעך, מאַטעריאַלן, די מערהײַט פון זיי — פון בורזשואַז-אַנטיסאָװעטישע קװאַלן.

איגנאָרירנדיק די סיסטעמאטישע מיטיילונגען אין דער וועלט-פרעסע וועגן דער טראגישער לאגע פון די געוועזענע סאָוועטישע ייִדן, וואָס זײַנען ארײַנגעפאלן אין די קאלטע אָרעמס פון דער אמעריקאנער ווירקלעכקײַט, כאזערט איבער די „מאָרגן-פרײַהײַט" אין א נאָטיץ וועגן אָט דעם איניען די באהויפטונגען פון איינעם א דזשאָזעף עדעלמאַן, וועלכער האָט געשריבן אין „אמעריקאנער ייִדישן יאָרבוך", אז „די מערסטע סאָוועטישע ייִדן, וואָס האָבן זיך באזעצט דאָ אין לאנד, האָבן זיך אײַנגעאָרדנט" און אז מע האָט זיי געגעבן די געהעריקע הילף. דאָס אידילישע בילד אין שײַכעס מיט אמעריקע אלס גאניידן פאר די ייִדן דארף, לויטן פארטראכט פון די רעדאקטאָרן פון דער „מאָרגן-פרײַהײַט", א „שפיל טאָן" אין דער שײַן פון דער אוועקגעשטעלטער בישכיינעס מיטיילונג פון „ייִטא" (ייִדישע טעלעגראפן-אגענטור), ווו עס ווערט איבערגעגעבן דער אינהאלט פון א נײַער פראָוואָקאציאָנעלער רעזאָלוציע פון אמעריקאנער סענאטאָרן און קאָנגרעסמענער, וואָס גיבן צו וויסן, אינעם אויסלייג פון דער „מאָרגן-פרײַהײַט" און פון „ייִטא", אז „די באהאנדלונג פון ייִדן אין סאָוועטנפארבאנד באליידיקט און רירט אָן טיף דאָס געוויסן פון א פרײַ פאָלק" און אז „עס זיצן נאָך ייִדן פארשפארט אין סאָוועטישע טורמעס". די אונטערשטע שורע איז אזא: „דער אמעריקאנער סעקרעטערי אָוו סטעיט סײַרוס וואנס האָט בא א פרעסע-קאָנפערענץ דערקלערט, אז אמעריקע מוז קלאָר מאכן איר שטעלונג צום איניען סאָוועטישע עמיגראציע, ווײַל זי (אמעריקע! — א. ו.) האָט א טיפן רעספעקט פאר מענטשן"... ניין, מיר האָבן ניט געהאט קיין טאָעס, די ציטאטעס זײַנען געבראכט ניט פונעם „פאָרווערטס", נאָר פון דער צײַטונג, וועלכע עס האָבן געשאפן די רעוואָלוציאָנערע ייִדישע מאסן פון פשא אפן דריטן יאָר נאָך דער גרויסער סאָציאליסטישער אָקטיאבער-רעוואָלוציע אלס רעזולטאט פון זייער אויסגעוואקסענער פאָליטישער רײַפקײַט און אלס פראָקלאמירונג פון זייער געטרײַשאפט צו די אידעאלן פונעם אָקטיאבער.

אין דעם זעלבן נומער פון דער „מאָרגן-פרײַהײַט" ווערט אונטערגעטראָגן דעם לייענער אן איבערדרוק פון „ניו-יאָרק טײַמס" אונטערן קעפל „באריכט, אז ייִדישער אקטיוויסט איז ארעסטירט געוואָרן אין מאָסקווע". לאָמיר אָפמערקן, אז אין דער „מאָרגן-פרײַהײַט" פון נאָוויקן און סולערן ווערט געווײַנלעך מיטן נאָמען ייִדישער אקטיוויסט אָנגערופן

ניט א ייִד, וואָס איז א שלאָגלער פון קאָמוניסטישער מי, אָדער, לאָמיר
זאָגן, אן אקטיווער בויער פון דער סאָוועטישער ייִדישער קולטור, נאָר
אזא, וואָס איז געוואָרן א רופאָר פון דער ציִעניסטישער פראָפאגאנדע
אין ברענגט שאָדן דעם סאָציִאַליסטישן לאנד, אין וועלכן ער לעבט.

איז נאָך ווייניק? געפינען מיר אף דער ענגלישער זײַט פון דער
„מאָרגן-פרײַהײַט" פארן זעלבן טאָג אן איבערזעצונג פון י. גערשמאנס
(קאנאדע) א דערמוטיקונגס-ארטיקל פאר די פראָוואָקאטאָרן-„סימפּאָ-
זיִומניקעס", וועמען די סאָוועטישע ייִדן און די מעלוכישע אָרגאנען פו-
נעם סאָוועטנפארבאנד האָבן ניט דערלויבט צו אײַנאָרדענען ספעקוליא-
טיווע טומלערײַען ארום דער פרעמדער פאר זיי ייִדישער קולטור.

דאָס צעטל פון אנטיסאָוועטישע פליאָטקעס אין דער „מאָרגן-פרײַ-
הײַט" קאָן מען פאָרזעצן, בלעטערנדיק זי נומער נאָך נומער. אף וויפל
ס'זײַנען דאָרט פאקטיש פארשווונדן די מאטעריאלן וועגן דער קאָמוניס-
טישער בויונג אין פססר, וועגן די נײַע מאָסן פון סאָציִאליסטישער מאָ-
ראל, ווי אויך די אינפאָרמאציע וועגן דעם לעבן, וואָס עס האָבן אויס-
געקליבן פאר זיך די סאָוועטישע ייִדן, טרײַע צו זייער היימלאנד, — אף
וויפל עס פעלט אין דער „מאָרגן-פרײַהײַט" דאָס אָביעקטיווע בילד פון
דער סאָוועטישערווירקלעכקײַט, באקומט זיך גאָר אן אנדער בילד, א
מעשונעדיק-פארקריפלטס, וועמענס אוטאָרן עס זײַנען — רעכילעס און
העפקיירעס. די „מאָרגן-פרײַהײַט" האָט „דורכגעלאָזט" דעם נײַנטן פינפ-
יאָר אין פססר און דאָס ערשטע יאָר פונעם צענטן פינפיאָר, זי האָט זיך
אָפּגעהאלטן צו באווײַזן דעם גיגאנטישן אופטו פונעם XXIV און XXV
צוזאמענפאָרן פון דער קפסס לעטויוועס שאָלעם און צווישנפעלקערלע-
כער אנטשפאנונג, אײַנגעשלאָסן די ווירדיקע, קאָנסעקווענטע פראָיִיס-
ראָעלדיקע אין סאמע ערנסטן זין פון וואָרט שטעלונג פון פססר, וועלכע
האָט זיך אויסגעדריקט אינעם קאמף פון דער סאָוועטישער דיפלאָמאטיע
קעגן דער מילכאָמע-פּאָליטיק פון די רעגירנדיקע קרײַזן פון ייִסראָעל.
די „מאָרגן-פרײַהײַט" האָט אין אײנקלאנג מיט דער ציִעניסטישער פרע-
סע אײַנגערעדט דעם לייענער: „ס'איז ניט עמעס, אז עס איז שוין 20
יאָר, ווי מאָסקווע האלט אָן אן אנטי-ייִסראָעל-פאָליטיק. די פּאָליטיק
(די אנטי-ייִסראָעלדיקע! — א. וו.) האָט זיך ערשט אָנגעהויבן מיט דער
זעקסטאָגיקער מילכאָמע"... (פון כ. סולערס וועכנטלעכן איבערזיכט אין
דער „מאָרגן-פרײַהײַט" פארן 19 אפּרעל 1975).

צווישן די רעגולערע אנטיסאָוועטישע קאמפּאניעס, וואָס עס פירט דורך די „מאָרגן־פרייהייט"־רעדאקציע, זיינען די באזונדערס „דעליקאטע" צוויי: די קאמפּאניע, וועלכע ווערט פאָרמעל דערקלערט מיטן דערשיינען פון געוויסע פעלערהאפטע אנטיציוניסטישע בראָשורן, און די קאמפּאניע ארום דער „אליא".

די פּראָבלעמען פונעם ציוניזם זיינען נאָך דערווייל אזוי ווייניק פאנאנדערגעארבעט אין דער היינטצייטיקער ליטעראטור, אז איצט, ווען דער ציוניזם דערשיינט אין די סאמע פארשיידענע מאלבושים און געשטאלטן און ער שטעלט מיט זיך פאָר א דירעקטע געפאר פארן שאָלעם אף דער וועלט, פאר דעם רויקן לעבן פון פעלקער, קודעםקאָל פונעם יידישן פאָלק, — אין דער איצטיקער אומגעבונג פונעם ענערגישן קאמפּס־צוגאנג צו דער פּראָבלעם טרעפן מיר זיך אָן אין דער פּובליציסטיק מיט די אָדער יענע, גרעסערע אָדער קלענערע פעלערן, אפילע מיט אזעלכע פאלן, ווען עס פילט זיך דער מאנגל אין מארקסיסטיש־לענינישער מעטאָדאָלאָגיע.

דער זשורנאל „סאָוועטיש היימלאנד" האָט עטלעכע מאָל מיט דער פולער פּרינציפּיעלקייט זיך ארויסגעזאָגט ארום אָט דער פראגע. איינצייטיק דערמיט האָט ער ניט דערלאָזט קיין טאָן פון היסטעריע. ס'איז ניט אויסגעשלאָסן, אז קריטישע אנאליזן פון פעלערהאפטער פּובליציסטיק זאָלן נאָך קומען. דאָס אלץ האָט אָבער קיין פארגלייך ניט מיט דעם, וואָס עס טוט אין אָט דער הינזיכט די „מאָרגן־פרייהייט", וועלכע באנוגנט זיך ניט מיט קריטיקירן די אָדער יענע בראָשור, דאָס אָדער יענץ ארטיקל, נאָר ערשטנס, טראָגט זי אָפּ אף א ווילקירלעכן אופן צו דער קפּסס, צו דער סאָוועטישער רעגירונג די פאראנטוואָרטלעכקייט פאר דער ניט ריכטיקער שטעלונג פון די אווטאָרן פון באזונדערע ארבעטן, און, צווייטנס, וויקלט זי פאנאנדער אומופהערלעכע קאמפּאניעס, נעמענדיק זיך צוהילף אזעלכע אין די לעצטע יאָרן אנטיסאָוועטישע אויסגאבעס, ווי „דזשויש קארענטס" און „יידישע קולטור", קאמפּאניעס, בייס וועלכע די רענעגאטן שטעלן זיך פרייוויליק אוועק אלס „זאפּעוואלעס" פון אָרדנטלעכע ספּעקטאקלוארע טאראראמען. זייענדיק מילד און פילבאר צו פארמישפּעטע אין סאָוועטנפארבאנד קרימינעלע פארברעכער־אנטיסאָוועטשיקעס — צו די בוקאָווסקיס, שטערנס און אנד., — פאָדערן אין דער זעלבער צייט נאָוויק און זיינע נאָכגייער,

אז יעדן אוטאָר פון א פעלערהאפטער בראָשור וועגן ציוניזם זאָל מען מישפּעטן און פארשפּארן אין טפיסע, און אויב מע וועט דאָס ניט טאָן, וועלן זיי ניט אופהערן איבערצוכאזערן, אז עס איז דערפאר, ווייל אין דער סאָוועטישער מעלוכע איז פאראן „אָפיציעלער אנטיסעמיטיזם". זיי ווילן ניט הערן, ווען מע זאָגט זיי, אז די זעכציק אָקטיאבער-יאָר, פורעמענדיק די נייע געזעלשאפט, האָבן ניט געשאפן און ניט געדארפט שאפן קיין שטאמפּ פון אן „אידעאלן מענטשן", פון אן איינציקער „אידעאלער מיינונג".

דער זעלבער וועזנטלעכער בלויז אין זייער לאָגיק פילט זיך, ווען זיי שרייבן וועגן דעם, אז פונעם סאָוועטנפארבאנד פאָרן ארויס יידן קיין יִשׂראָעל און אין אנדערע לענדער. ס'וועט ניט זיין איבערגעטריבן צו זאָגן, אז אין „סאָוועטיש היימלאנד", ווי אין דער גאנצער פרעסע פון אונדזער לאנד, זיינען פיל מאָל געגעבן געוואָרן אויסשעפּלעכע ענטפערס אף די פראגן, וואָס זיינען פארבונדן מיט דער דאָזיקער דער-שיינונג, אריינגערעכנט אויך די פראגע וועגן די סיבעס, וואָס ליגן אין איר יעסאָד. די רעדאקציע פון דער „מאָרגן-פרייהייט" האָט אָבער קיין איין מאָל זיך ניט פארינטערעסירט מיט דעם, וואָס „סאָוועטיש היימלאנד" — דאכט זיך, די סאמע קאָמפּעטענטע אין אָט דער פראגע אויסגאבע אף דער יידישער גאס — האָט געהאט דאָ צו זאָגן. דאָס, וואָס די „מאָרגן-פרייהייט" האָט זיך ניט באנוצט מיט דער געלעגנהייט איבערצוגעבן די לייענער אינפאָרמאציע פונעם ערשטן קוואל, איז ניט קיין צופעליקייט. עס לוינט ניט פ. נאָוויקן און כ. סולערן, אז די עמאָציאָנעל-ווירקנדיקע פראגע „פארוואָס פאָרט מען ארויס?" זאָל באקומען א ריכטיקן ענטפער און מיט דעם זאָל זי אויסגעשעפּט ווערן. די נאָוויקס דארפן האָבן געפּעפּערטע „פראגעס" אין שייכעס מיטן סאָוועטנפארבאנד און מיט די סאָוועטישע יידן, קעדיי מיט דער הילף פון זיי זיך ווייטער אופהאלטן אף דער אויבערפלאך פונעם געזעלשאפטלעכן לעבן.

פארשטייט זיך, די „מאָרגן-פרייהייט" האָט די פולע מעגלעכקייט אופצוקלערן דעם איניען אין העסקעם מיט די רעאלע פאקטן. צוליב דעם דארף זי ריידן וועגן דער הומאניסטישער פּאָזיציע פון דער סאָוועטישער רעגירונג אין דער פראגע פון פארייניקן מישפּאָכעס; באווייזן, וואָס פאר אן אָרט צווישן די ארויספאָרנדיקע עס פארנעמען קאָלערליי

סעקטאַנטיש-רעליגיעזע עלעמענטן צווישן די אַזיגערופענע גרוזינישע ייִדן, אוזבעקישע ייִדן, ווי אויך אײַנוווינער פון די ראַנד-געגנטן פונעם סאָוועטנפאַרבאַנד, וועלכע שלעפּן נאָך זיך די אײגנטימערישע אינסטינקטן פון דער פאַרגאַנגענהײַט, ווען זיי האָבן געלעבט אין קאַפּיטאַליסטישע באַדינגונגען און ניט זעלטן דערצויגן געוואָרן אין ציוניסטישע יוגנט-קרײַזלעך אין די בײַבאַלטישע בופער-מעלוכעס, אינעם פּילסודסקי-פּוילן און אין דער באָיאַרישער רומעניע; אויך ניט פאַרבײַגײן די שווערע פאַלגן פון דער ציוניסטישער פּראָפּאַגאַנדע, וועלכע שלאָגט אַראָפּ פונעם גלײַכן וועג שוואַכע מענטשן און מאַכט אומגליקלעך זיי און זייערע מישפּאָכעס. די רעדאַקציע פון דער „מאָרגן-פרײַהײַט" האָט ניט פאַרלאַנגט אויפצוקלערן דאָס אַלץ דעם לייענער. זי האָט אויך ניט גענומען אַף זיך די טירחע אַרײַנצוקוקן אין די אָרעמע שטאָט-קוואַרטאַלן פון ניו-יאָרק און פון אַנדערע אַמעריקאַנער שטעט, ווו עס האָבן זיך אין אַ מאַצעוו פון נויט און דעפּרעסיע באַזעצט אַף זייער טראַגישן וואַנדער-וועג די געוועזענע סאָוועטישע ייִדן.

פאַרמאַכנדיק באַוווסטזיניק די אויגן אַפן טאָך פון דער פּראָבלעם, פירט די רעדאַקציע פון דער „מאָרגן-פרײַהײַט" ביליקע פּראָפּאַגאַנדע, איבערכאַזערנדיק אָן אַן אָפּשטעל און דראַמאַטיזירנדיק אַף אַ דעמאַגאָגישן אויפן די פראַגע „פאַרוואָס פאָרט מען אַרויס?". באַזונדערס פאַלש קלינגט דאָס קאָל פון דער „מאָרגן-פרײַהײַט", ווען זי שטעלט אַוועק אַלס איינע פון די גרונט-סיבעס פונעם אַרויספאָר „דעם מאַנגל אין ייִדישער קולטור". ס'איז אַ סאָד אַף גאַנץ בראָד — וועגן דעם שרײַבן די בורזשואזע צײַטונגען אין ייִסראָעל, פּשא און אַנדערע לענדער, — אַז די פולע מערהײַט פון די עמיגרירטע פונעם סאָוועטנפאַרבאַנד ייִדן האָבן ניט קיין מינדסטע באַדערפעניש אין קולטור אַף ייִדיש און אַז פאַר דעם קליינעם הײַפל עמיגראַנטן, וועלכע נוצן יאָ ייִדיש, האָבן די ציוניסטן אין ייִסראָעל און אַמעריקע ניט פאַרגרייט קיין ייִדישע קולטור.

די גאַנצע פּראָבלעם ייִדישע קולטור שטעלן די רענעגאַטן אַוועק אַף אַ זומפּיקן אַנטיסאָוועטישן באָדן. ווען זיי ווענדן דעם בליק צו דער קאַפּיטאַליסטישער וועלט, ווערט בא זיי דאָס קאָל שטיל און געמיטלעך, און זיי שטאַמלען אַרויס, אַז ס'איז פאַרשטענדלעך, פאַרוואָס „עס קאָן ניט זײַן מערער, ווי ס'איז דאָ". וואָס שײַעך אָבער דעם סאָוועטנפאַר-

באנד, ווילן זיי ניט זען אזעלכע אביעקטיוו-ווירקנדיקע רעאלקייטן, ווי
דאס טאטאלע ליקווידירן מיצאד דער פאשיסטישער כייע די באזעס
פאר יידישער קולטור אין די שטעטלעך פון אוקראינע, ווייסרוסלאנד,
מאלדאוויע, ליטע, דאס אויסראטן דארט די יידיש-ריידנדיקע, יידיש-
לייענענדיקע, יידיש-לערנענדיקע באפעלקערונג; זיי ווילן, פון דער
צווייטער זייט, ניט נעמען אין כעזשבן די פאזיטיוו-היסטארישע ענדע-
רונגען אין דעם לעבן פונעם סאוועטישן יידן, וועלכע האבן איינצייטיק
פארגיכערט דעם פראצעס פון שפראך-אסימיליאציע; זיי ווייסן גוט, אז
אומקערן זיך צו די מוסטערן פון קולטור-ארבעט צווישן דער יידישער
באפעלקערונג, וועלכע האבן אין אונדזער לאנד עקזיסטירט אין די
צוואנציקער—דרייסיקער יארן, וואלט מען געקאנט בלויז אין דעם פאל,
ווען עס שטייען ווידער אויף פון אונטער דער ערד די יידישע שטעט-
לעך און עס קערן זיך אום אין די שטעטלעך די אויסגעהארגעטע מי-
ליאנען יידן. זיי ווייסן עס גוט, די הערן נאוויק, סולער, גאלדבערג,
שאפעס, גערשמאן, און דאך סטייעט בא זיי כוצפע צו פירן אן אומופ-
הערלעכע פראפאגאנדע אין נוסעך פון דער געלער פרעסע, פרווונדיק
צו שאפן דעם איינדרוק, אז די קאמוניסטישע פארטיי פונעם סאוועטנ-
פארבאנד, די סאוועטישע רעגירונג — זיי זיינען שולדיק אין אזא מא-
צעוו. אין דער זעלבער צייט פארשווייגן די רענעגאטן די גרויסע היס-
טארישע דערגרייכונגען פונעם יידישן פאלק אין סאוועטנפארבאנד,
זיי דערלויבן זיך צו דעמאנסטרירן פיינטלעכן סקעפטיציזם בענגייע
צו ביראבידזשאן — דער יידישער אווטאנאמער געגנט, וועלכע האט
ניט, עמעס, קיין גרויסע מאסן יידן (איבער סיבעס, לאכלוטן ניט אפ-
הענגיקע פון די סאוועטישע ארגאניזאציעס און אינסטאנצן), זי האט
ניט מערער יידן, איידער אזעלכע היינטוועלטיקע לענדער,
ווי עסטרייך, דענעמארק, שוועדן, שווייץ, אבער אין פראט פון יידישער
קולטור קאן זי זיך נאך יאקאס פארמעסטן מיט זיי. דערביי דארף בא-
מערקט ווערן, אז טאקע די יידישע אווטאנאמע געגנט מיט איר טעגלע-
כער יידישער צייטונג, יידישן פאלקס-טעאטער, רעגולערע יידישע
ראדיא-טראנסלירונגען, יידישער ביבליאטעק אף שאלעם-אליכעמס נא-
מען, יידישער שרייבער-גרופע און אנד. וועט נאך ניט איין מאל לאזן

וועגן זיך צו וויסן אין פֿראַט פֿון ווײַטער אַנטוויקלען און אויפֿהאַלטן די עכט-סאָוועטישע ייִדישע קולטור.[1]

די „מאָרגן-פֿרײַהײַט" דערלויבט זיך אַרויסצורוקן ניט קאָרעקטע בענעגייע דעם סאָוועטנפֿאַרבאַנד פּראָפּאַגאַנדיסטישע פֿאָדערונגען פֿון קולטור-בויונג, וועלכע באַטײַטן פֿאַקטיש דאָס אומקערן זיך צו אומרעאַלע אין איצטיקן היסטאָרישן פּעריאָד פֿאָרמען און מאַסשטאַבן. דער ציל פֿון אַזעלכע פֿאָדערונגען איז — שאַפֿן אַן אַטמאָספֿער פֿון העצערײַ און אַזשיאָטאַזש אַרום אָנגעטראַכטע פּראָבלעמען. אין דער זעלבער צײַט מאַכט די „מאָרגן-פֿרײַהײַט" אָפּ מיט דער האַנט די מאַמאָשעסדיקע דערגרייכונגען אין דער אַנטוויקלונג פֿון דער ייִדישער סאָוועטישער קולטור. דאָ איז דאָס אָרט צו פֿרעגן בא די רעדאַקטאָרן פֿון דער „מאָרגן-פֿרײַהײַט": אויב זיי זײַנען אַזעלכע קעמפֿער פֿאַר דער ייִדישער קולטור און ליטעראַטור אין סאָוועטנפֿאַרבאַנד, פֿאַרוואָס אינפֿאָרמירן זיי ניט די לייענער וועגן די פֿילצאָליקע ייִדישע עסטראַדע-קאָנצערטן אין צענדליקער שטעט פֿון פֿססר, וועגן די דערגרייכונגען פֿונעם מאָסקווער ייִדישן דראַמאַטישן קאָלעקטיוו, וועגן די נײַע שטעלונגען פֿונעם בי־ראָבידזשאַנער און ווילנער ייִדישע פֿאָלקס-טעאַטערן; פֿאַרוואָס האָבן זיי פֿאַרשוויגן די יובילײ-פֿײַערונגען פֿון „סאָוועטיש היימלאַנד", די מאַסן-באַגעגענישן פֿונעם זשורנאַל מיט די לייענער, די ליטעראַריש-אַרטיסטישע „דאָנערשטיקן", וועלכע קומען פֿאָר אין לאָקאַל אויף קיראָוו-גאַס, 17; פֿאַרוואָס פּרוּוון זיי אויפֿשטעלן אַ וואַנט צווישן דעם אַמעריקאַנער ייִדישן לייענער און „סאָוועטיש היימלאַנד", ווען עס גרילצט זיי אין די אויערן דאָס טרעפֿלעכע וואָרט פֿון דער סאָוועטישער ייִדישער פּובליציסטיק? ס'איז דאָס אָרט צו פֿרעגן די טומלער אַרום סאָוועטישער ייִדישער קולטור: פֿאַרוואָס זײַנען פֿאַרשווונדן פֿון די זײַטן פֿון דער „מאָרגן-פֿרײַהײַט" די רעצענזיעס און אָפּהאַנדלונגען, אַפֿילו די קורצע אַנאָטאַציעס, ניט נאָר וועגן די אָרדנטלעכע נומערן פֿון „סאָוועטיש היימלאַנד", נאָר

---

[1] אין מאָמענט, ווען עס ווערט אָפּגעגעבן אין זאַץ די דאָזיקע בראָשור, זײַנען צו שטאַנד געקומען אַ רײ נײַע וויכטיקע קולטור־אַנטוויקלונגען אין דער ייִדישער אויטאָנאָמער געגנט. עס איז געגרינדעט געוואָרן אַ פּרעסטיזשפֿולער מעלוכישער ייִדישער מוזיקאַלער קאַמער־טעאַטער און אַ געגנטלעכע פֿילהאַרמאָניע. די צײַטונג „בירָאָבידזשאַנער שטערן" איז פֿאַרפֿעסטיקט געוואָרן אַלס טעגלעכע. אין אייניקע קינדער־שולן פֿון דער געגנט איז אײַנגעפֿירט געוואָרן דער לימעד פֿון ייִדישער שפּראַך.

אויך וועגן די דערשינענע ביכער פון יידישע סאוועטישע שרייבער? פארוואס ווערן ניט פובליקירט אין דער „מארגן-פרייהייט" די נייע ווערק פון סאוועטישע יידישע שרייבער? (אן אויסנאם מאכט מען מיט דער גרעס־טער גרייטקייט, געוויינלעך, פאר ווערק פון אזא שרייבער, וועגן וועלכן די עקספערטן פון דער „מארגן-פרייהייט" באקומען א מיינונג, אז ער איז געטראפן פון שטרויכלונגען, און גלייך הערט מען אויף דעם דאזיקן שרייבער צו פראטעזשירן, ווען די מיינונג בייט זיך...).

מיר קאנען פארויסזאגן, אז די וויטערדיקע פאזיטיווע אנטוויקלונ־גען אין דער סאוועטישער יידישער קולטור-סוויווע וועלן אלץ מער אוועקשטעלן די רעגעגאטן אין א טעמפן ווינקל, אף וויפל זיי אליין מיט זייער קאמף קעגן די אידייישע יעסוידעס פון אונדזער ליטעראטור (קעגן איר פובליציסטיק, אשטייגער) און מיט זייער דערנידעריקנדיק בעטן זיך, מע זאל זיי צולאזן אנטיילצונעמען אין ציוניסטישע „קולטור"־מאסמיטלען (אזעלכע, ווי די יערושאלאימער וועלט-קאנפערענץ ארום יידיש), — זיי אליין גיבן לעצטנס צו פארשטיין, אז דאס הארץ ציט זיך בא זיי צו אן אנדער יידישער קולטור, ניט צו דער סאוועטישער.

צום שלוס דארף אפגעמערקט ווערן, אז צוזאמען מיטן סאוועטנ־פארבאנד זיינען געווארן א צילברעט פאר די פיילן פון דער „מארגן־פרייהייט" די קאמוניסטישע פארטיי פון פשא און איר פרעסע („דיילי ווארלד", „דזשויש אפערס"), די קאמוניסטישע פארטיי פון יסראעל („דער וועג"), די פראגרעסיווע יידישע צייטונגען, וועלכע האבן פארור־טיילט די אידייישע פלאטפארם פון די רעגעגאטן (ארגענטינער „אונדזער לעבן", אורוגווייער „אונדזער פריינט").

## 3. מיקויעך דעם ראמאן פון די רעדאקטארן פון דער „מארגן-פרייהייט" מיטן „גוטן" ציוניזם

די שטעלונג פון דער „מארגן-פרייהייט" צום ציוניזם אין די זעכ־ציקער—זיבעציקער יארן איז ברייט באוווסט. נאוויק און זיינע מיטגייער האבן דערפונדן „גוטע" און „שלעכטע" ציוניסטן, און אויב ריידן ערנסט — זיך אפגעזאגט פון דעם מארקסיסטיש-לעניניש קלאסן-צו־

גאַנג צו דער פּראָבלעם. די נײַע פּלאַטפֿאָרם פֿון דער „מאָרגן-פֿרײַהײַט" איז אין אָט דעם פּלאַן פֿאָרמולירט געוואָרן א סאך מאָל, און זי קלינגט גאַנץ קאַטעגאָריש: „...פֿולסטע אײניקײַט מיט די ציִעניסטן פֿונעם דר. גאָלדמאַן-שניט — מיט ליִאָווא אליאַב, מיטן מאַפּאַם, מיט אַנדערע ציִעניסטן-סאָציִאַליסטן. דאָ אין לאַנד (אין אמעריקע. — א. וו.) — מיט די ציִעניסטן פֿון „ברײרע", מיט „פּראָגרעסיווס פֿאַר איזראַעל" (האַשאָ-מער האַצאָיִר), מיט בונדיסטן" (פֿון פּ. נאָוויקס אַרטיקל אין דער „מאָרגן-פֿרײַהײַט" פֿאַרן 30 מײַ 1976).

די „מאָרגן-פֿרײַהײַט" ווערט דאָ אוועקגעשטעלט פּונקט אַף די זעלבע רעלסן, איבער וועלכע די הײַנט שוין אַרויסגעוואָרפֿענע אַפּן מיסטקאַסטן פֿון דער געשיכטע סגע-„קאָמוניסטן" (די קומירן פֿון דער „מאָרגן-פֿרײַהײַט") זײַנען אַרײַנגעפֿאָרן... גלײַך אין ציִעניזם אַרײַן, האַ-גאַם זײ האָבן אויך, ווי נאָוויק און סולער, געקלאַפּט זיך אין דער ברוסט, אַז זײ גײען אַריבער אַף אָט די רעלסן צוליב און אין נאָמען פֿונעם „קאַמף פֿאַר עכטן קאָמוניזם".

די אָפּשאַצונג פֿון אזא, מילד גערעדט, רעוויזיאָניסטישער פּאָזיציע איז שוין ניט אײן מאָל געגעבן געוואָרן אין די אַרויסטרעטונגען פֿון „סאָוועטיש הײמלאַנד" און פֿון דער פּראָגרעסיווער ייִדישער פּרעסע אין אַנדערע לענדער. איצט וועלן מיר אָפּן סמאַך פֿון דער דערפֿאַרונג פֿאַר די לעצטע פֿינף יאָר וואַרפֿן א בליק אַף אײניקע אַספּעקטן, וועלכע נײטיקן זיך אָדער צו באַטאָנט ווערן, אָדער צו ווערן צוגאָבלעך אויפֿגעקלערט.

קוידעמקאָל, לאָמיר באַטראַכטן דעם צופֿלוס פֿון לײדנשאַפֿטן בא די רעדאַקטאָרן פֿון דער „מאָרגן-פֿרײַהײַט", ווען זײ פּרוּוון אָפּשרײַען פֿאַר זיך דאָס רעכט אידעאָלאָגיש מיטצואַרבעטן מיט די אַזויגערופֿענע „ציִעניסטן-סאָציִאַליסטן". ס'איז דאָך איבעריק צו רײדן וועגן דעם, אַז טאַקע אונטער דער מאַסקע פֿון סאָציִאַליסטן זײַנען די ציִעניסטן פֿון אָט דעם מין באַזונדערס פֿאַרפֿירעריש אין גאַנג פֿונעם פּאָליטישן קאַמף. וועגן דעם טאַקע האָבן לעצטנס געשריבן צווײ אָנגעזעענע מאַרקסיס-טישע פּובליציסטן — כײַמע לומער איגעם זשורנאַל פֿון די אמעריקאַ-נער קאָמוניסטן „דזשויִש אַפֿערס" און לעאָנעל דאַדיִאַני אין „סאָוועטיש הײמלאַנד". דער צײַטמעסיקער אידײישער איבערוף האָט אַרויסגערופֿן אָט אזא לאָשן אין א מעמאָראַנדום פֿון די רעדאַקטאָרן פֿון דער „מאָרגן-

פרײַהײַט" (11 מײַ 1975): דאדיאַני „ברענגט דעם פסאק-דין פון זײער א גרויסן אינטערנאציאָנאלן „אווטאָריטעט" אין דער פראגע — כ. לו-מער. מע טאָר ניט גײן צוזאמען מיט די סאָציאַליסטישע ציִעניסטן, האָט דער „אווטאָריטעט" געפּאסקנט, — אזוי זאָגט ל. דאדיאַני. מע טאָר ניט — הערט ווערטער! — „באשווינדלט ווערן דורך דעם סוראָגאט פון די אזויגערופענע „סאָציאַליסטישע ציִעניסטן", וועמען אײניקע אונדזע-רע געוועזענע פּראָגרעסיווע יִידישע פּירער האלטן פאר „גוטע" ציִע-ניסטן..." אזוי האָט דער „אווטאָריטעט", מישטײנסגעזאָגט, געפּאסקנט, און ווער עס גלײבט ניט, אז אזא מעשונעדיקע „טוירע" קאָן געזאָגט ווערן הײַנטיקע צײַטן, דער זאָל א קוק טאָן אף דער זײַט 124 פונעם נומ. 3 „סאָוועטיש היימלאנד"."

שוין אָפּגערעדט פונעם סטיל, וויאזוי עס רעדן די רעדאקטאָרן פון דער „מאָרגן-פרײַהײַט" וועגן זײערע פּאָליטישע אָפּאָנענטן, איז די דאָזיקע ציטאטע כאראקטעריסטיש פארן אויפן, ווי זײ „דעקן" די טעאָרעטישע האנאָכעס, וועלכע געפעלן זײ ניט. כיכיקענדיק און בליצנדיק מיט אויסערגעוויינלעכע כאָכמעס ארום דעם, וואָס די אויבנ-דערמאָנטע פובליציסטן באהויפּטן, אז מע טאָר ניט גײן צוזאמען מיט די „סאָציאַליסטן"-ציִעניסטן, ברענגען ניט די רעדאקטאָרן פון דער „מאָרגן-פרײַהײַט" דעם מינדסטן ארגומענט, פארוואָס מע מעג יאָ מיט זײ גײן... אזוי, וועלן מיר דאָ אָפּמערקן, „פּאָלעמיזירן" די רעגעאטן אלע פינף יאָר, זינט ס'איז פארעפנטלעכט געוואָרן אין „סאָוועטיש היימ-לאנד" דער קאָמענטאר „וואָס קומט פאָר אין דער „מאָרגן-פרײַ-הײַט".

אויב צוהערן זיך צו נאָוויקן, זײַנען פאראן ניט נאָר „גוטע" און „שלעכטע" ציִעניסטן. אויך טעראָריסטן דיפערענצירט ער זאָרגפעליק. אזוי, לעמאָשל, האָט ער אין דער „מאָרגן-פרײַהײַט" פארן 29 סענטיא-בער 1974 דערווידערט קעגן דער רעזאָליוציע פונעם צווישנפעלקערלעכן שאָלעם-פאָרום אין באָלאָניע, ווו ס'איז ארויסגעלאָזט געוואָרן א רוף „אָפּשטעלן די טעראָר- און גוואלדטאט-אקטן, וואָס טרעפן אין בירגער פון בײדע זײַטן גרענעץ. קײן שום ציל בארעכטיקט ניט דאָס טרעפן בירגער — פרויען און קינדער". נאָוויק האָט דערווידערט: „אלצײנס ווי מע זאָל ניט ארויסטרעטן קעגן דער ליניע פון דער יִסראָעל-רעגי-

רונג „אפצורעכענען זיך" מיט די טעראריסטן, באמבארדירן זייערע לאגערן, וואס דערביי מוזן אפט ליידן אומשולדיקע פרויען און קינדער... טאר מען דאס אבער ניט שטעלן אף איין ברעט מיט די טעראר־אקטן, וואס צילן דורכויס אין ציווילע בירגער — פרויען און קינדער!"

א צווייענדיקער כעזשבן: פאר פרויען און קינדער פון דער זייט (יִסראעל) און פאר פרויען און קינדער פון יענער זייט (אראבישע לענדער)...

די סימפאטיע־געפילן לויטן נאציאנאלן פרינציפ פירן אוועק די „מארגן־פרייהייט" אף די ליניעס פון רייגוואשן די ציִעניסטישע יִסראעל־רעגירונג און די פאראנדקעס אין דער מעדינע. אין איינער פון די פילצאליקע „דערקלערונגען" פון דער רעדאקציע רעכענען זיך אפ כ. סולער און י. פריד — דאס מאל מיט דעם אמעריקאנער מארקסיסטישן טעארעטיקער הערבערט אפטעקער פאר דעם, וואס „ער זאגט (אין זיינעם אן ארטיקל, וואס איז פארעפנטלעכט אין „דיילי וואלד". — א. ו.), אז יִסראעל איז אונטער איר איצטיקער רעגירונג אן אגרעסיוו לאנד". ווען ה. אפטעקער ברענגט איבערצייגעוודיקע ארגומענטן וועגן דער אפוועזנהייט פון דעמאקראטיע אין דער מעדינע, ווו א פינפטל פון דער באפעלקערונג זיינען „בירגער פון דריטן סארט", באליידיקט עס די רעדאקציע פון דער „מארגן־פרייהייט": „מיר ווייסן ניט, פארוואס עס האט זיך בא אפטעקערן באקומען א „דריטער סארט"... אין לאנד איז אבער איינגעפירט א בורזשואזע דעמאקראטיע"...

די רענעגאטן פון דער „מארגן־פרייהייט" ווערן באזונדערס נערוועז, ווען עס דערהערט זיך דאס קאל פון קריטיק און פארורטיילונג בענעגייע דער ציִעניסטישער אידעאלאגיע.

אין דעם ניו־יארקער זשורנאל „זאמלונגען" (פרילינג־העפט, 1976) איז פארעפנטלעכט אונטערן טיטל „ציִעניזם און אנטי־ציִעניזם" דער טעקסט פון א רעפעראט, וועלכן פ. נאוויק האט געהאלטן ביים א טורנע איבער עטלעכע שטעט פון אמעריקע. אינעם אונטערקעפל ווערט די טעמע פונעם רעפעראט אנגערופן: „דער קריזיס אין ציִעניזם און דער קריזיס אין אנטי־ציִעניזם". עס בעט זיך אבער גאר אן אנדער באטרעפלעכער אויסדרוק: דער קריזיס פון פאשעטער לאגיק און פון קלארן סייכל באם רעפערענט.

אַנעמענדיק די באַקאַנטע קאָנצעפּציע פֿון די ציִוניסטישע טעאָרעטיקער, מעלדעט פּ. נאָוויק, אַז „אויף באַדן פֿון די צאָרעס פֿון פֿאָלק און אַדאַנק דער גאַרונג פֿון פֿאָלק צו אַ דערלייזונג איז די ציִוניסטישע באַוועגונג אויפֿגעקומען”, — דאָס איינהייטלעכע, אָן קלאַסן־צעטיילטקייט, הייסט עס, ייִדישע פֿאָלק איז געגאַנגען אויפֿגעלייזט צו ווערן מיצאַד דעם ציִוניזם... ווײַטער, איבערקערנדיק אַלץ מיטן קאָפּ אַראָפּ, פֿירט נאָוויק דורך דעם געדאַנק, אַז דער ציִוניזם איז קלוימערשט אַ נאַציאָנאַל־באַפֿרײַערישע באַוועגונג, און אַלס אַזעלכע, נעמט די ציִוניסטישע באַוועגונג איר אָנהייב אין דער אויפֿוואַכונג פֿונעם „פֿרילינג פֿון פֿעלקער”, „אָנגעהויבן פֿון דער פֿראַנצויזישער רעוואָלוציע פֿון 1789 ביז די רעוואָלוציעס פֿון 1848 און ווײַטער”... וואָס איז שײַעך הערצלען, מוז, לויט נאָוויקס ווילן, „אַנערקענט ווערן, אַז צווישן גרויסע מאַסן פֿון די פֿאַרפֿאָלגטע” איז ער „דערשינען ווי אַ מאָשיִעך”. דאָס האַרץ בײַ דעם געוועזענעם קאָמוניסט ווערט אַזוי פֿאַרכלינעט פֿון סענטימענטן, אַז ער נעמט דאָ גלײַך אויף אָרט דערציילן דעם פֿאַרזאַמלטן פּראָגרעסיוון ייִדישן עולם, וויאַזוי נאָך אין 1904 איז ער, אַ דרײַצניאָריק ייִנגל, בײַגעווען אין זײַן געבורטשטאָט בריסק אויף דער אוקאַרע אין צוזאַמענהאַנג מיט הערצלס טויט, און ער קאָן ביז איצט ניט פֿאַרגעסן, אַז די זעלבע אוקאַרע האָט באַערט מיט זײַן אָנטייל דער טאַטע פֿונעם הײַנטיקן אַטאַמאַן פֿון די ציִוניסטן־פֿאַשיסטן מענאַכעם בעגין, אויך אַ בריסקער טוישעוו, און אַז „אָן אָרעמער פֿאָלקס־מענטש, אַ קרעמערל האָט זיך באַגאָסן מיט טײַכן טרערן” — „אַ גרויס אומגליק האָט אים אָפּגענומען געטראָפֿן מיטן טויט פֿון הערצלען”... (די דאָזיקע האַרצרײַסנדיקע דערינערונג האָט נאָוויק שוין פֿריִער איין מאָל אויסגענוצט, מיטיילנדיק זי אין פּונקט אַזעלכע פּילבאַרע טענער דער ברייטער לייענער־אַאודיטאָריע אין זײַן אַרטיקל „הערצלס יאָרצײַט” אין דער „מאָרגן־פֿרײַהײַט” פֿאַרן 16 יול 1974. דעמלט האָט ער, אַגעוו, געשאַפֿן אַ מער פֿעסטע „סאָציאַלע באַזע” פֿאַר דער „פֿאָלקס־רעאַקציע” אויפֿן טויט פֿונעם גרינדער פֿון פּאָליטישן ציִוניזם, — ניט נאָר דאָס אָרעמע קרעמערל האָט, ווײַזט זיך אַרויס, באַוויינט הערצלען, נאָר אויך „אַ יונגער אַרבעטער, אַ מאַליער האָט זיך צעוויינט” בײַס דער אוקאַרע אין דעם בריסקער „אַריסטאָקראַטישן” בעסמעדרעש).

אין אזא צושטאנד פון קלאל-ייִסראעלדיקער און פראַציִעניסטישער צעמישטקייט שטייט עס פ. נאָוויק פארן אוילעם, און זיין מאראזמאטישע אריינגעטאָנעקייט אין דער גייער פראָגראַם פון דער „מאָרגן-פרייהייט" ברענגט אים צו מאכן אזעלכע דראמאטישע אויסרופן, ווי „אין סאָוועטנפארבאנד איז מען שוין לאנג אריינגעפאלן אין דער פאסטקע פון פארשארפטן אנטיציִעניזם!", און — „אנטיציִעניזם, אוואדע — שארפער, אקטיווער, קריגערישער אנטיציִעניזם פאלט אריין אין סינע צו ייִסראעל, צו דער עקזיסטענץ פון מעדינאס ייִסראעל, פעלשט די אנטשטייונג פון דער מעדינע און דערגייט ביז אָפענעם אנטיסעמיטיזם!", און — „אין דעם אנטיציִעניזם, אין פארשארפטער, קריגערישער קריטיק אָדער פאָלעמיק ליגט א גרויסע געפאר".

אינעם רעפעראט „ציִעניזם און אנטיציִעניזם" קלאָגט זיך נאָוויק: „עס איז מאמעש צום שטוינען, ווען געוויסע מענטשן כאפן ארויס ציטאטעס פון דעם, וואָס מיר האָבן געשריבן — וואָס איך האָב געשריבן — אין די דרייסיקער יאָרן, אין 1940 יאָר, און זיי ווילן דערמיט באקעמפן אונדזער שטעלונג היינט!". וועלן מיר דאָ באמערקן, אז דערמאָנען דאָס, וואָס נאָוויק און אנדערע פון זיין כיידער האָבן געפרעדיקט נעכטן, איז נייטיק און צוועקמעסיק, קעדיי דער ברייטער אוילעם זאָל וויסן, ווי גרינג און ווי אומשעמעוודיק עס דרייען איבער דעם פעלץ אָט די פערעראָזשדענצעס (אידייִש-איבערגעבוירענע). איבערן מאנגל אין אָרט וועלן מיר ברענגען נאָוויקס נעכטיקע ארויסזאָגונגען בלויז פון איין ארטיקל, וואָס ער האָט פארעפנטלעכט אינעם מינסקער זשורנאל „שטערן" אונטערן כאראקטעריסטישן נאָמען „ציִעניזם אין א ברוין העמדל". אָט זיינען א פּאָר גענויע שטעלן פונעם ארטיקל, ווי דער דעמאלטיקער נאָוויק גיט אָן ענטפער אף די געשרייען פונעם היינטיקן נאָוויק וועגן דעם, אז ציִעניסטן זיינען פאראן, כלומרשט „שלעכטע", אויך „גוטע", אז דער ציִעניזם איז גאָט די נעשאָמע שולדיק — „א באוועגונג פון נאציאָנאלער אופוואכונג", אז מע זאָל ניט וואגן צו דערמאָנען וועגן פארבינדונגען פונעם ציִעניזם מיטן פאשיזם.

ברענגען מיר עטלעכע ציטאטעס פון פייסעך נאָוויקס ארטיקל „ציִעניזם אין א ברוין העמדל" (זשורנאל „שטערן" נומ. 12, 1933, ז. 44—51):

„אין אלע גרינטלעכע פּאָליטישע פּראגעס, אינעם אָנגריף אויף די אראבער, אין דער מיטארבעטערשאפט מיטן אימפּעריאליזם איז פאקטיש ניטאָ קיין אונטערשייד צווישן דעם רעוויזיאָניזם און די אנדערע טיילן פון דער ציוניסטישער באוועגונג. דער רעוויזיאָניסטישער פאשיזם איז נאָר די לאָגישע פּרוכט פון א רעאקציאָנערער, אולטרא-שאָוויניסטישער באוועגונג. דערפאר עקזיסטירט אזא אָרגאנישע פארבינדונג צווישן די רעוויזיאָניסטן, דעם מיזראָכי און די אלגעמיינע ציוניסטן"...

„די דייטשישע ציוניסטן, וועלכע האָבן זיך אזוי פיין און מיט גרויס דערפאָלג איינגעאָרדנט אונטערן היטלער-רעזשים, זיינען בכלל מער ריידעוודיק און אָפנהארציק... די ציוניסטן, די יידישע פרײַדיקער פון „ריינער ראסע", דערקלערן: „מיר זיינען פון אלעמאָל געשטאנען אויף דעם שטאנדפּונקט פונעם הײַנטיקן רעזשים, געמלעך, אז א פאָלק מיינט ניט קולטור-געמיינשאפט, נאָר בלוט-געמיינשאפט" (ד. בערג, צייטונג „טאָג" פארן 6 סעפּטעמבער 1933). „מיר זיינען אלעמאָל געשטאנען אויף דעם שטאנדפּונקט פונעם הײַנטיקן רעזשים" — אָט ווי ווייט די ציוניסטן קאָנען מיט פולע רעכט זאָגן, אז זיי זיינען געווען היטלעריסטן נאָך איידער מע האָט פון היטלערן געוווּסט, די ברוינע העמדלעך פון זשאבאָטינסקיס באנדעס זיינען נאָר אן אויסדרוק פון דעם קוואל, וואָס כאפּט ארום די גאנצע ציוניסטישע באוועגונג אין דער ברייט און אין דער טיף. אזוי אז דאָס לידל, וואָס זשאבאָטינסקיס „שטורמאָוויקעס" האָבן אָנהייב מיי געזונגען אויף די גאסן פון טעל-אוויוו: איטאליאָ ליימוסאָליני, גערמאניאָ לייהיטלער, קפאר סאוואָ אופּעסעך טיקוואָ לאָנו" (איטאליע — מוסאָליני, דייטשלאנד — היטלערן, אונדז — קפאר סאוואָ און פעסאך טיקווע), איז אויף אלע הונדערט פּראָצענט אן אויסדרוק פון דער גאנצער ציוניסטישער באוועגונג, אויב אפילו געוויסע טיילן זיינען ניט מאסקים מיטן אויספיר: „זאָל לעבן זשאבאָטינסקי!"

„דאָס ברוינע העמדל, דער אָפנסטער אויסדרוק פון ציוניזם אין דעם איצטיקן פעריאָד פון היטלעריזם, פירט נאָך דייטלעכער אויס די אלטע קאָנטררעוואָלוציאָנערע מיסיע פונעם ציוניזם. אין פּילסודסקי-פוילן איז דאָס ציוניסטישע ברוינע העמדל ניט סתם אזוי לעגאליזירט, נאָר די זשאבאָטינסקי-באנדעס קריגן פולשטענדיקע הילף פון דער פּילסודסקי-פּאָליציי, פון פּילסודסקיס דעפענדזיווע, ווי אן אינסטרומענט

קעגן די רעוואָלוציאָנערע ייִדישע אַרבעטער... פאַרן ייִדישן אַרבעטער וועט דורך דעם אַלץ קלאָרער, וואָס פאַר אַ ביטערער סוינע דער ציוניזם איז פאַר אים, — ווי יעדער מין נאַציאָנאַליזם און שאָוויניזם — ייִדישער, פּוילישער, דײַטשישער, אָדער וועלכער־ניט־איז אַנדערער"...

און דער אויספיר, וועלכן פ. נאָוויק האָט דאַן געמאַכט, איז אַזאַ:

„נאָר אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג און האַנט בײַ האַנט מיטן קאַמף פאַר אַ שטאַרקער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, מיטן קאַמף פאַר אַרבעטער־מאַכט, מיטן קאַמף צו שטיצן דעם סאָוועטנפאַרבאַנד, מיטן קאַמף קעגן פאַשיזם מוז גיין דער קאַמף קעגן שאָוויניסטישן, קלעריקאַלן, קאָנטררעוואָלוציאָנערן, וואָנטיוריסטישן, אַנטיסאָוועטישן און היטלעריזירטן ציוניזם".

נאָוויק זאָגט אונדז: „עס איז מאַמעש צו שטוינען", וואָס מע דערמאָנט איצט אָט די דאָזיקע אַמאָליקע ריכטיקע אַרויסזאָגונגען זײַנע. מיר זאָגן: עס איז מאַמעש צו שטוינען, וואָס נאָוויק, וועלכער האָט אַמאָל געשריבן דאָס, וואָס מיר דערמאָנען דאָ, איז הײַנט געוואָרן אַן אָפּענער אַפּאָלאָגעט פונעם ציוניזם. גענוג צו ברענגען, אַלס באַשטעטיקונג פון אָט דעם געדאַנק, איין־אײנציקע שורע פון זײַן רעפּעראַט „ציוניזם און אַנטיציוניזם". דערמאָנענדיק די רעזאָלוציע פון דער גענעראַל־אַסאַמבלײַ פון דער אָרגאַניזאַציע פון די פאַרייניקטע נאַציעס פאַרן 10 נאָיאַבער 1975, אין וועלכער דער ציוניזם איז פאַרורטיילט געוואָרן מיצאַד דער פולער מערהײַט לענדער פון דער וועלט אַלס פאָרם פון ראַסיזם, האָט פ. נאָוויק אָנגערופן די דאָזיקע רעזאָלוציע — „אומגערעכטער, שענדלעכער, דיווערסיאָניסטישער אַרויסטריט קעגן ציוניזם"...

צוליי נאָוויקס? אָדער — עפּשער האָט זיך געענדערט דער ציוניזם, און דער „שאָוויניסטישער, קלעריקאַלער, קאָנטררעוואָלוציאָנערער, וואָנטיוריסטישער, אַנטיסאָוועטישער און היטלעריזירטער ציוניזם" איז אין רעזולטאַט פון עפּעס אַ קישעף געוואָרן אַ „גוטער ציוניזם"?

ניין, דער ציוניזם איז אין טאָך דער זעלבער, וואָס געווען. געענדערט האָט זיך פ. נאָוויק, דאָס זעלבע — די צײַטונג „מאָרגן־פרײַהײַט", וועלכע ער, נאָוויק, און זײַנע נאָכגייער האָבן אַראָפּגעפירט פון איר פּראָגרעסיווער, רעוואָלוציאָנערער פּלאַטפאָרם.

## 4. אין שוטפעס מיט די שפּאַלטערס פון דער קאָמוניסטישער באַוועגונג. אף רעכטס אין פאַרגלײַך מיט די אָפּגעשפּאָלטענע

דאָס בילד פון דער קאָמוניסטישער באַוועגונג אין יִשׂראָעל איז, ווי באַוווּסט, אין לעצטן יאָרצענדליק א ביז גאָר קאָמפּליצירטס. אונטער דער אופווירקונג פון מילכאָמעס און סאָציאַלער ניט-סטאַבילקײַט אינעם רעגיאָן און אין דער מעדינע, אַרײַנגערעכנט די שאָוויניסטישע פאַרטשאַדעטקײַט, דעם מיליטאַריסטישן אומזין און דאָס רויט-יעגערײַ, איז פאָרגעקומען א שפּאַלטונג אין דער פּאַרטײַ, אָן אָפּענער און אויסגעשפּראָכענער פּאַראַט פון א טייל פון אירע לידערס, און בלויז דער געזונטער מאַרקסיסטיש-לענינישער צוגאַנג האָט געקאָנט גאַראַנטירן א ריכטיקע אָריענטאַציע אין דער געשאַפענער לאַגע.

די רעדאַקטאָרן פון דער „מאָרגן-פרײַהײַט" האָבן ניט לאַנג געטראַכט, און אין סאַמע אָנהייב פון די געשעענישן, ווען פאַר די ברייטע מאַסן איז נאָך ניט אַלץ קלאָר געווען, האָבן זיי זיך געמאָלדן אַלס אידייִשע שוטפים פון די שפּאַלטערס. נאָוויק און סולער, וועלכע האַלטן אין איין פּאָדערן, אַז „סאָוועטיש היימלאַנד" זאָל אין גאַנג פון דער פּאָלעמיק מיט דער „מאָרגן-פרײַהײַט" ניט בלויז איבערדערציילן פאַר די לייענער דאָס, וואָס יענע זאָגט, נאָר — דעריקער — איבערדרוקן וואָרטערלעך אירע אַנטיסאָוועטישע, פּראָציאָניסטישע מאַטעריאַלן, — זיי האָבן אין מעשעך פונעם לעצטן יאָרצענדליק ניט דערלאָזט, אַז אין דער „מאָרגן-פרײַהײַט" זאָל געגעבן ווערן דאָס וואָרט דער קאָמוניסטישער פּאַרטײַ פון יִשׂראָעל. עס איז ניט פאַרעפנטלעכט געוואָרן קיין איין דאָקומענט פון די צוזאַמענפאָרן פון די יִשׂראָעלדיקע קאָמוניסטן, קיין איין-איינציקע אַרויסזאָגונג וועגן נאַציאָנאַלע און אינטערנאַציאָנאַלע פּראָבלעמען. אין דער זעלבער צײַט האָבן נאָוויק און סולער געעפנט אַלע טירן און טויערן פון דער „מאָרגן-פרײַהײַט" פאַר מ. סנע, ש. מיקוניס און אַנדערע וואָרטזאָגער פון דער שפּאַלטערישער גרופּע. דער מישמאַש פון פאַרקריפּלונגען און פּלאָנטערנישן איז אַזויאַרום אַרויסגעגעבן געוואָרן אַלס די אידייִשע פּלאַטפאָרם פון דער קאָמוניסטישער באַוועגונג אין יִשׂראָעל. די רעדאַקטאָרן פון דער „מאָרגן-פרײַהײַט" האָבן שוין געהאַט גרייט די אונטערשטע שורע: „אונדזער קעגנערשאַפט צו

ראַקאַך איז באַקאַנט. דאָס איז אין טאָך א פּאַרטיי פון אַראַבישן נאַציאָנאַליזם, ווי אונדזער ישׂראל-קאָרעספּאָנדענט נ. פּאַריזער האָט אָנגעוויזן אין זײַן אַרטיקל אין דער „מאָרגן-פרײַהײַט" דעם 29 דעצעמבער. אין בעסטן פאַל איז דאָס א פּאַרטיי מיט א דאָגמאַטישער, סעקטאַנטישער פּירערשאַפט, וואָס איז געכאַפּט אַף נאַציאָנאַלן ניהיליזם, בענעגייע ייִדישע פּראַגן". אזוי ווערט גערעדט וועגן דער הערצישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פון ישׂראל — ראַקאַך — אין א רעדאַקציאָנעל אַרטיקל אינעם נומער פון דער „מאָרגן-פרײַהײַט" פאַרן 6 יאַנואַר 1977! די סנע-מיקוניס-„פּאַרטיי" (מק"י), פאַרקערט, איז אין די אויגן פון נאָוויקן און זײַן קאָמפּאַניע א מוסטער פון „נאַציאָנאַלן קאָמוניזם", איר פּראָגראַם איז, הייסט עס, „אַן עכט מאַרקסיסטיש-לענינישע"...

וויאַזוי די פּאַרטעטערישע סנע-מיקוניס-„פּאַרטיי" האָט פאַרענדיקט איר קורץ סקאַנדאַליעז לעבן, איז אַלעמען באַוווּסט. איר צונויפשמעלצונג מיטן ציוניזם נאָך א סעריע עפנטלעכע פאַרוואַנדלונגען האָט קיינעם ניט געכידעשט. איינער פון אירע טוער — בערל באַלטי — האָט אין זײַנער אַן אַרויסטרעטונג געמאָלדן: „מק"י האָט לויט איר אייגענער איניציאַטיוו פונדאַסנײַ רעווידירט איר באַציִונג צו דער ציוניסטישער באַוועגונג אף איר 16-טן און 17-טן קאָנגרעסן. דאָס איז געטאָן געוואָרן, ווי שוין געזאָגט, דורך אונדזער אייגענער איניציאַטיוו, אָן קיין שום דרוק פון אויסן". אינגיכן איז מק"י אַרײַנגעטראָטן אין ציוניסטישן „ייִדישן וועלט-קאָנגרעס", אופהערנדיק עקזיסטירן זעלבשטענדיק. פאַר דער „מאָרגן-פרײַהײַט" איז זי אָבער פאַרבליבן ווי א זיסער כאָלעם. אַלנפאַלס, די אָנפירער פון מק"י האָבן ניט פאַרלאָרן זייער אָרעאָל אין אָט דער צײַטונג. פּ. נאָוויק האָט, ווענדנדיק זיך פּאַטעטיש צו מיקוניסן, געשריבן: „ביסלעכווײַז האָט זיך אײַער ראָליע אינעם קאַמף פאַר לעניניזם, פאַר א לעניניסטישן צוגאַנג צו דער ייִדישער פראַגע און צום קאַמף קעגן אימפּעריאַליזם אַלץ מער אָנגעזען. דאָס איז געווען — און פאַרבליבן — א צוגאַנג פון דעם עכטן פּראָלעטאַרישן אינטערנאַציאָנאַליזם" („מאָרגן-פרײַהײַט", 13 סענטיאַבער 1973). נאָוויקן איז צום האַרצן ש. מיקוניסעס „לעניניזם", וועגן וועלכן מע קאָן אורטיילן, לעמאָשל, לויטן אַרטיקל „די אַנטי-ישׂראלדיקע קאַמפּאַניע אין סאָוועטנפאַרבאַנד", וואָס יענער האָט פאַרעפנטלעכט אין „פרײַ ישׂראל" פאַרן 11 מאַרט 1970. קלאָגנדיק זיך, אַז „לויט אינסטרוקציעס פון אויבן

פֿאַרזאַמלען זיך אין סאָוועטנפֿאַרבאַנד מיליאָנען מענטשן, בכדי אַרופֿצוּוואַרפֿן באַשמוצונגען קעגן ייִשׂראל און קעגן דעם אַזוי־גערופֿענעם אינטערנאַציאָנאַלן אימפּעריאַליסטישן ציוניזם", שרײַבט אויס מיקוניס: „בלויז פֿעלשער פֿון לעניניזם אין דער נאַציאָנאַלער פֿראַגע קאָנען האַלטן פֿאַסל דעם זיווּג פֿון סאָוועטישן פּאַטריאָטיזם מיט אַ נאַטירלעכער פֿאַרבינדונג און אינטערעס צו דער ייִדישער מדינה און דעם ייִדישן כּלל; און אַפֿילו מיטן פֿאַרלאַנג פֿון אַ טייל פֿון די דאָזיקע ייִדן אָנצושליסן זיך אין דעם ייִשׂראל־פֿאָלק". נאָוויקן זעען ניט אויס די דאָזיקע רייד ווי אַן אויסגעשפּראָכענער ציוניסטישער טעזיס, ווײַל ער אַליין זאָגט דאָס זעלבע.

וואָס שײַך מוישע סנע, איז קעדײַ צו פֿאַרגלײַכן צווישן זיך צוויי אָפּשאַצונגען. די ערשטע געהערט דעם וויצע־פּרעמיער פֿון דער רעגירונג פֿון ייִשׂראל איגאַל אַלאָן („ייִשׂראל־אויִדיציעס", 1 מאַרט 1972): „אין די לעצטע יאָרן האָט ער (מ. סנע. — א. וו.), ווײַזט אויס, פֿונדאַסנײַ געמאַכט דעם חשבון פֿונעם וועג. כאָטש ער האָט זיך ניט צוריקגעקערט אָרגאַניזאַציאָנעל צום ציוניזם, זיך ניט אָנגעשלאָסן צו אַ ציוניסטישער פּאַרטיי אין קנעסעט, זײַנען אַ סאַך פֿון זײַנע ווערטער, געדאַנקען און מיינונגען געווען ציוניסטישע אין זייער אינהאַלט, און ער האָט זיך פֿאַרמאָסטן און געקעמפֿט קעגן דער גרויסמאַכט, וועלכער ער האָט געגלייבט פֿיל יאָרן מיט פֿאַרמאַכטע אויגן" (דאָס הייסט, ער האָט זיך פֿאַרמאָסטן און געקעמפֿט קעגן סאָוועטנפֿאַרבאַנד. — א. וו.). און אָט וואָס עס האָט געשריבן וועגן מוישע סנע פּ. נאָוויק (אין זײַן בראָשור „די נאַציאָנאַלע און ייִדישע פֿראַגע אין איצטיקן מאָמענט"): „דר. סנע איז מיט אויסערגעוויינלעכער קלאָרקייט, מיט ערודיציע און מיט דער געהעריקער, נייטיקער געוואַגטקייט צוגעטראָטן צו דער נאַציאָנאַלער פֿראַגע — לויט דער סיטואַציע הײַנט"... און אין דעם אַרײַנפֿיר צו סנעס סעריע אַרטיקלען „די ייִדן־פֿראַגע אין ליכט פֿון דער צײַט" האָט די „מאָרגן־פֿרײַהײַט" אײַנגערעדט דעם לייענער: „עס איז קיין ספֿק ניט, אַז מיט דער פֿאַרטיפֿטער מאַרקסיסטישער אַרבעט האָט סנע געמאַכט אַ גרויסן צושטײַער פֿאַר דער מאַרקסיסטישער באַוועגונג".

אין דער לעצטער צײַט, ווען אַליין דאָס לעבן האָט אַרויסגעטראָגן דעם אורטייל איבער די שפּאַלטערס פֿון דער ייִשׂראלדיקער קאָמוניסטישער באַוועגונג, אַריבערפֿירנדיק זיי אין דער קאַטעגאָריע פֿון דעקלאַ-

סירטע „פּאָליטיקער", האָבן די רעדאַקטאָרן פון דער „מאָרגן-פרײַהײַט" גענומען דרייען מיט דער צונג, אַז, זעט איר, ס'איז טאַקע ניט אַלץ געווען אין אָרדענונג בא סנע-מיקוניס, אָבער זינט ס'האָט זיך פון דער אָפּגעשפּאָלטענער מק"י אָפּגעשפּאָלטן אַן אָפּאָזיציאָנעלע גרופּע, ווייסט שוין ווידער די „מאָרגן-פרײַהײַט", מיט וועמען זיך צו האַלטן (אַבי ניט מיט דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פון ייִסראָעל). דעם 4 מײַ 1975 האָט די „מאָרגן-פרײַהײַט" געשריבן: „אונדזערע מיינונגען זײַנען זיך צונויפגעגאַנגען מיט די מיינונגען פון דער אָפּאָזיציע אין מק"י..." אין זײַנע פּרעסע-איבערזיכטן איז כאָטש סולער פּיל מאָל ארויסגעטראָטן פאַר דער אָפּאָזיציע, און דאָס איז געווען די מיינונג פון דער רעדאַקציע „מאָרגן-פרײַהײַט".

האַקלאַל, קיין בעסערן גורל פאַרלאַנגט שוין הײַנט ניט די רעדאַקציע פון דער „מאָרגן-פרײַהײַט". אין באַצוג צו דער קאָמוניסטישער באַוועגונג זוכט זי אידעאָלאָגיש — אָפּאָזיציע... און גייענדיק בלינד אויף די וועגן פון רעווידירן די אייגענע קאָמוניסטישע פאַרגאַנגענהײַט, פאַרקריכט זי אָפּט אַזוי ווײַט, אַז מע דערזעט זי אין אָפּאָזיציע אַפילע צו דער „ייִסראָעלדיקער קאָמוניסטישער אָפּאָזיציע"...

אָט איז אַ בײַשפּיל.

ס'איז איבעריק צו דערווײַזן, וואָס פאַר אַ וויכטיקע ראָליע אינעם קאַמף פאַר ליקווידירן דעם מילכאָמע-צושטאַנד אפן נאָענטן מיזרעך עס שפּילט די מאָביליזאַציע פון דער געזעלשאַפטלעכקײַט. אַז דאָס פאַרשטייען זייער גוט אויך די רעדאַקטאָרן פון דער „מאָרגן-פרײַהײַט", איז צו זען פון דעם, וויאַזוי זיי נוצן אויס דעם וויכטיקן לאָזונג וועגן אַ ברייטן שאָלעם-פראָנט אויף צו באַרעכטיקן זייער אידעאָלאָגישן אויסוואַל פון „גוטע ציִעניסטן". אינדערעמעסן אָבער זײַנען די הויכע דעקלאַראַציעס וועגן פרידן און גערעכטיקײַט, מיט וועלכע ס'איז פול די „מאָרגן-פרײַהײַט", בלויז אַ דעמאַגאָגיש מיטל, און דער ציל איז — צודעקן מיט אָט די דעקלאַראַציעס די פּראָציִעניסטישע פּלאַטפאָרם פון אירע רעדאַקטאָרן.

צווישן די צווישנפעלקערלעכע עפנטלעכע אַקטן פון ברייטן פאַרנעם לעטוויועס דעם שאָלעם אפן נאָענטן מיזרעך האָבן זיך אין די פאַרגאַנגענע יאָרן באַזונדערס אויסגעטיילט די באָלאָניער קאָנפערענץ (מײַ, 1973) — אַ געזעלשאַפטלעכער פאָרום פון פאָרשטייער פון

30 לענדער, אַרײַנגערעכנט די אַראַבישע מעלוכעס און ייִסראָעל, און די ברייט־פאַרטראַכטע מיצאַד דעם ייִסראָעלדיקן „קאָמיטעט פון אַ גע־רעכטן שאָלעם צווישן ייִסראָעל און די אַראַבישע לענדער" „צווייטע באָלאָניער קאָנפערענץ" אין רוים (אָקטיאַבער, 1974).

אין ביידע פאַלן זײַנען אונטערן פרידנס־לאָזונג געגאַנגען געזעל־שאַפטלעכע טוער פון פאַרשיידענע ריכטונגען. דעם רוף וועגן דער שאָלעם־קאָנפערענץ אין רוים האָבן אונטערגעשריבן העכער 100 פאַר־שטייער פון אַזעלכע פּאָליטישע קערפּערשאַפטן, ווי מאַפּאַם, האַשאָמער האַצאָיִר, מקי (ש. מיקוניס, וועלכער איז דעמאָלט נאָך געווען דער גע־נעראַל־סעקרעטאַר פון דער אָפּגעשפּאָלטענער פראַקציע), אָקי — ייִסראָעלדיקע קאָמוניסטישע אָפּאָזיציע (עסטער ווילענסקע). עס האָבן אויך געגעבן זייער אונטערשריפט אָנפירער פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פון ייִסראָעל. דער אופרוף איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין דער בירגערלעכער צײַטונג „האַאַרעץ" (13 אווגוסט 1974). דאָס איז, צווישן אַנדערס, געווען אַ פּאָליטישער אויספּרוּוו פאַר די רעדאַקטאָרן פון דער „מאָרגן־פרײַהײַט". ווער, אויב ניט זיי, שרײַען בײַ יעדער געלעגנ־הײַט, אַז זייער בייגונג צו „גוטע ציִעניסטן" האָט בלויז איין־איינציקן מיין: גיין מיט זיי צוזאַמען אין קאַמף פאַר שאָלעם! האָט אַזאַ קאָנקרע־טע מעגלעכקײַט זיך געשאַפן — איצט גייט, קעמפט פאַר שאָלעם אַפן נאָענטן מיזרעך, גייט צוזאַמען מיט ראַקאַך און אויך מיט די לינקע עלעמענטן פון די ציִעניסטישע פּאַרטייען...

פייסעך נאָוויק איז ניט נאָר געבליבן שטיין, ער איז אַרײַן אין אַ שאַרפער דיסקוסיע מיט זײַנע אייגענע אידייִשע קאָלעגן — מיט ע. ווי־לענסקען, פאַרוואָס זי איז מאַסקים צו גיין אַף מיטאַרבעט מיט די קאָ־מוניסטן צוליב אָט דעם ציל, און מיט י. גערשמאַנען און דעם דעזער־טיר פון פאָלקס־פוילן מ. מירסקין, פאַרוואָס זיי זײַנען מאַסקים מיט ווילענסקען.

אינעם ערשטן פאַל (מײַ, 1973) האָט די „מאָרגן־פרײַהײַט" אָן שום רייד פאַנאַנדערגעוויקלט אַן ענערגישע קאָמפּאַניע קעגן דער באָ־לאָניע־קאָנפערענץ, וועלכע איז דורכגעגאַנגען אונטערן דעוויז: „פאַר שאָלעם און גערעכטיקײַט אַפן נאָענטן מיזרעך". פ. נאָוויק האָט זיך אָנגעכאַפּט אין דעם, וואָס עס האָבן אין דער קאָנפערענץ אָנטיילגענו־מען „מענטשן, וועלכע זײַנען אַפריִער מאַסקים געווען מיט דער פראָ־

גראם און מיטן רוף, וואס די איניציאטארן פון דער קאנפערענץ האבן פון פריער צוגעגרייט, אויך אונטערגעשריבן פון יידישע און אראבישע פערזענלעכקייטן" (דאס הייסט, זיי זיינען געווען אייניק אין דער שטרע־בונג צו דערשלאגן זיך א גערעכטן שאלעם. — א. וו.). דאס האט ניט איינגעארדנט נאוויקן. ער האט געדארפט האבן מיינונגס־פארשיידנהייטן, און אויב זיי זיינען צווישן די שאלעם־אנהענגער — אראבער און יידן — ניט געווען אף דער קאנפערענץ, האט מען זיי, לויט אים, גע־דארפט אריינטראגן, אנדערש איז ער קעגן, און ער האט אין זיינעם אן ארטיקל אין דער „מארגן־פרייהייט" („עס מוז זיין אן אויסוועג", 15 נאיאבער 1974) געמאלדן: „די באלאניער קאנפערענץ האט גע־בראכט גרויס שאדן דעם שאלעם־פראנט" (?!).

אינעם צווייטן פאל — ווען עס זיינען צווישן די איניציאטארן פון דער קאנפערענץ אין רוים ארויסגעטראטן מיקוניס און ווילענ־סקע, — דאן איז שוין דערגאנגען צו אן עפנטלעכער פאלעמיק, בייס וועלכער די רעדאקטארן פון דער „מארגן־פרייהייט" זיינען געשטא־נען אף רעכטס פונעם דעמלטיקן גענעראל־סעקרעטאר פון דער שפאלטערישער מקי־גרופע און פון דער אנפירערן פון דער אפגע־שפאלטענער אפאזיציע אין מקי. דערביי זיינען טשיקאווע נאוויקס מאטיוון.

קאמענטירנדיק אין דער „מארגן־פרייהייט" פארן 29 סעפטיאבער 1974 דעם טעזיס פון די העכער 100 יסראעלדיקע געזעלשאפטלעכע טוער, אז עס האנדלט זיך אין „עוואקואציע פון אלע שעטאכים, וואס יסראעל האט אקופירט אין דער יון־מילכאמע פון 1967", האט פ. נא־וויק געמאכט פאלגנדע דערקלערונג: „אפילו ווען מ'זאל אנעמען, אז דער לאזונג איז א ריכטיקער, וועט עס גלייך אפשטויסן די ברייטסטע מאסן אין יסראעל און אפשטויסן די ברייטסטע מאסן דא אין לאנד, ספעציעל ווען דער לאזונג איז ניט קיין ריכטיקער"... עס וועט זיין „ניט צוועקמעסיק צו פאדערן", — האלט נאוויק, — אז די יסראעלדיקע אקופאנטן זאלן אומקערן אלע טעריטאריעס, וואס זיי האבן מיט קויער אקופירט. פארוואס? ווייל מיט דעם וועט מען „אפשטויסן די ברייטסטע מאסן". אין די „ברייטסטע מאסן" שליסט דער רעדאקטאר פון דער „מארגן־פרייהייט" איין, הייסט עס, די אנהענגער פון אנעקסיע. צו זיי דארף מען זיך צופאסן. עס ארט אים, וואס אף דער קאנפערענץ אין

רוים זייַנען ניט בלויז די קאָמוניסטן, נאָר אויך די שאָלעם-אָנהענגער צווישן די ציִעניסטישע עלעמענטן ניט מאסקים געווען זיך צוצופּאסן. איינער פון די יִסראָעל-פאָרשטייער, דער קנעסעט-דעפּוטאט אורי אווגע-רי, לעמאָשל, האָט דערקלערט: „איך גלייב אין אופבלי פון יִסראָעל, וועלכן ס'איז ניט מעגלעך צו דערגרייכן אַף די רויִנען פון אנדערע לענדער. יִסראָעל דארף אומקערן אלע פארכאפּטע אין 1967 יאָר שעטאָכים. מע דארף מאכן א סאָף צו דער מילכאָמע". אזעלכע רייד גרילצן אין די אויערן בא נאָוויקן. ער וויל ניט קיין קאָנפערענץ, ווו מע זאָל אזוי ריידן און האנדלען. ער איז אין קאס: „ווייסן מיר ניט, וואָס עס האָט באוועגט די ווילענסקע-גרופּע (און אויך ש. מיקוניסן) איצט אונטערשרייַבן דעם רוף"... („מאָרגן-פרייַהייַט", 29 סענטיאבער 1974).

נאָוויקס שטעלונג, ארויסגעזאָגט אַף אן עקסטרעמיסטישן אויפן, האָט ארייַנגעפירט אין פארלעגנהייַט, ווי מיר האָבן עס שוין איין מאָל אָפּגעמערקט אין אונדזער פאָלעמיק, אפילע י. גערשמאנען, וועלכער האָט אָפּטמאָל עפנטלעך זיך דערנידעריקט ביז צו באצייכענען זיך סייַ אלס נאָוויקס נאָכפאָלגער, סייַ אלס זייַן טאלמיד. אין דער „וואָכנבלאט" פארן 30 אָקטיאבער 1974 האָט גערשמאן געשריבן: „גאָר ניט פאר-שטענדלעך איז פאר מיר כ' נאָוויקס ארגומענט, אז „אפילע ווען מ'זאָל אָנעמען, אז דער לאָזונג („עוואקואציע פון אלע שעטאָכים") איז א ריכ-טיקער, וועט עס גלייַך אָפּשטויסן די ברייטסטע מאסן אין יִסראָעל און אָפּשטויסן די ברייטסטע מאסן דאָ אין לאנד (אמעריקע)"... זינט ווען שאצן רעוואָליוציִאָנערן, לינקע פּראָגרעסיווע די ריכטיקייַט פון א לאָזונג נאָר אפן סמאך פון דעם, צי דער געגעבענער לאָזונג וועט זייַן אָנעמ-באר פאר די „ברייטסטע מאסן"? באזונדערס, ווען מע האָט אין זינען, אז טאקע צו די ברייטסטע מאסן יִידן אין אונדזערע מעקוימעס, ווי אין אלע מייַרעוו-לענדער, דערגייט ניט דער עמעס וועגן דער ווירקלע-כער לאגע אין יִסראָעל און אין מיטעלן מיזרעך. מע האָט דאָך אין אונדזערע מעקוימעס געשאפן אזא פארסאמטע אטמאָספער, אז מע טאָר ניט לאָזן פאלן קיין שפּרענקעלע אַף דער יִסראָעל-רעגירונג... איז ווי קאָן מען שאפן לאָזונגען, נעמען שטעלונגען, וואָס זאָלן זייַן אָנעמבאר, אָדער זאָלן „ניט אָפּשטויסן" די ברייטסטע יִידישע מאסן אין אונדזערע מעקוימעס? איין זאך איז זיך אויסהיטן און באקעמפן דאָגמאטישע צו-

גאנגען צו דער פּראָבלעם, א צווייטער איניען איז זיך צופּאסן מיט לאָזונגען אין א פארגיפטעטער, היסטערישער אטמאָספער".

אויך מ. מירסקי איז פארשעמט געוואָרן פון נאָוויקס רייד, און ער האָט אין אן ארטיקל אין „אונדזער שטימע", ביולעטען פון אָקי, א פרעג געטאָן דעם רעדאקטאָר פון דער „מאָרגן-פרייהייט": „צי מיינט פּייסעך נאָוויק, אז אנעקסיאָניסטן קאָן מען שלאָגן און אָפרייסן פון זיי די ברייטסטע מאסן, אויב מע וועט אויסבאָרגן בא זיי א טייל פון זייערע לאָזונגען?"

מיר האָבן שוין פיל מאָל אָנגעוויזן, אז די אינווייניקסטע רייסערייען צווישן נאָוויקן און גערשמאנען, צווישן גערשמאנען און די איבערליפער פון פאָלקס-פוילן אדג. זיינען ניט קיין וועזנטלעכע אין דער אלגעמיינער פּאָליטישער אומגעבונג — אלציינס האָבן מיר פאר זיך אן איינהייטלעכע רענעגאטישע סוויווע, וועלכע וועט אינעם באוווסטזיין פון די קומענדיקע דורעס זיצן אף דער באשולדיקונגס-באנק פאר מיטהעלפן דעם אידיישן קעגנער אין ברען פון א גווילדיקן פּאָליטישן געפעכט. די אויבנבאשריבענע פּאָלעמיק האָט געפונען אן אָרט אין אונדזער אָפּשאצונג, בלויז קעדיי ס'זאָל קלאָר ווערן, ווי ווייט פון דער פּראָגרעסיווער אופאסונג פון פּראָבלעמען עס געפינען זיך איצט נאָוויק, די „מאָרגן-פרייהייט".

ס'איז געווען גאנץ טשיקאווע, ווי אין דעם זעלבן ביולעטען פון אָקי האָט איין אידיישער פערעראָזשדעניעץ (מ. מירסקי), אין א צושטאנד פון פּאָליטיש-מאָראלישער נאָסטאלגיע, זיך גענומען לייענען א לעקציע פּאָליט-גראמאָטע דעם צווייטן אידיישן פערעראָזשדעניעץ (פּ. נאָוויקן). די רייד צווישן זיי איז געגאנגען וועגן „פּאָליטישער טאקטיק", און ווען מירסקי האָט געבראכט דעם ביישפּיל פון לענינס באציונג צו אנעקסיע, האָט נאָוויק אים געענטפערט, אז ער האָט „אומזיסט מאטריען געווען לענינען"... דאקעגן האלט נאָוויק, אז דער לאָזונג „ארויסציען זיך פון ניט אלע טעריטאָריעס" נעמט אין אכט געוויסע שטימונגען, פונקט ווי דאָס טוען די פראנצויזישע און שפּאנישע קאָמוניסטן באם שאפן דעם פאָלקס-פראָנט, איינשליסלעך אפילע מיט די שפּאנישע מאָנארכיסטן, און פונקט ווי די באָלשעוויקעס אין 1917 האָבן „אָנגענומען דעם לאָזונג פון דער גרינדונגס-פארזאמלונג, וועלכער האָט

זיך געהאט אָנגענומען צווישן די מאסן". מירסקי האָט אַף דעם רעאַ־גירט אזוי:

„מוז איך זאָגן, אז ביידע ביישפּילן הינקען אף ביידע פיס. דער פאָלקס־פראָנט איז דער לאָזונג פון שפּאנישע קאָמוניסטן און סאָציאַ־ליסטן, אף דער באזע פון וועלכן זיי מאָביליזירן אלע, וועלכע זיינען קעגן פראנקאָ, אפילע מאָנארכיסטן. איז דאָס אומבאדינגט ריכטיק. און דאָ איז ניט פאראן קיין שאָטן אפילע פון צופּאסן זיך צו וועמענס־ניט־איז שטימונגען. פארקערט, אנדערע פּאסן זיך צו צו זייער לאָזונג. וואָס שייך דעם צווייטן ביישפּיל (דארף מען זאָגן): אין יון 1917 האָט די ציטווייליקע רעגירונג פאראָרדנט וואלן צו דער קאָנסטיטואַנטע. און שוין אין יול 1917 האָט לענין אָנגעשריבן זיין באקאנט ארטיקל „קעגן קאָנסטיטוציאָנעלע אילוזיעס". די באָלשעוויקעס און לענין האָבן קיינמאָל ניט אָנגענומען דעם לאָזונג פון דער גרינדונגס־פארזאמ־לונג".

ווי מיר זעען, קומט אָן נאָוויק צום מעטאָד פון בארעכטיקן זיין אָפּאָרטוניזם מיט פארופן זיך אף „היסטאָרישע פאראלעלן" אָדער אף פאקטן פונעם היינטצייטיקן געזעלשאפטלעך־פּאָליטישן לעבן, וועלכע דרינגען ארויס פון אבסאָליוט אנדערע, איידער אין געגעבענעם פאל, באדינגונגען און סוויוועס.

## 5. דאָס רייסן זיך אין אָפענע טירן און דאָס פארופן זיך אף „היסטאָרישע פאראלעלן"

פאראן בא די רענעגאטן אן אָפּקלייב פון פרימיטיווע מעטאָדן, מיט דער הילף פון וועלכע זיי רעכענען אויס צו פארבלענדן די אויגן בא די נאָכגיביקע מענטשן. זיי „אנטדעקן" און מאכן א ראש ארום אן אלגעמיין באוווסטן טעזיס אָדער דערשיינונג פון דער פּראקטיק, אזא, וואָס רופט ניט ארויס קיין דיסקוסיעס בא מארקסיסטן־לענינצעס, אָדער וואָס איז שוין פון לאנג צו שטאנד געקומען און האָט זיך סטאביליזירט אין די מויכעס פון מענטשן און אין לויפנדיקן לעבן; אזא סאָרט ברעכן זיך אין אן אָפענער טיר דינט זיי, די נאָוויקס, קעדיי אונטערן טומל

פון דראמאטישע אויסרופן לעטויוועס דעם טעזיס, וועלכן דער אָפּאָנענט באשטרייט ניט, דורכשמוגלען אינעם באוווסטזיין פון דעם געפּלעפּטן צוהערער א „באגלייטנדיקן" רענעגאטישן טעזיס.

צו געוויסע קאָנקרעטע אויסדרוקן פון דער דאָזיקער מעטאָדאָלאָגיע האָט, צווישן אנדערע, צוגעצויגן די אויפמערקזאמקייט אין זיין בראָשור „ווי לאנג קאָן מען באהאלטן דעם עמעס?" (פארלאג „ניו אאוטלוק פּאבלישינג קאָמפּאני", ניו־יאָרק, 1972) דער געוועזענער פארוואלטער פון דער „מאָרגן־פרייהייט" אין דעטרויט, איינער פון די אקטיווע אווטאָרן פון דער צייטונג ביזן 1969 פּייוול האָנאָר.

„וואָס איז שייך א פאריייניקונג אין קאמף פאר שאָלעם, — האָט געשריבן פּ. האָנאָר, — רייסט זיך פּ. נאָוויק אין אָפענע טירן. אין דער שאָלעם־באוועגונג זיינען אָנגעשלאָסן מענטשן פון אלע שאטירונגען און פון יעדן סאָציאלן און עקאָנאָמישן מאצעוו. אפילע דער פּויפּסט מאכט אָפּט דערקלערונגען פאר שאָלעם. דער לאָזונג וועגן „מיטארבעטן מיט ציעניסטן פאר דער רעזאָליוציע בענעגייע דעם מיטל־מיזרעך" איז באזונדערס שעדלעך און פארפירעריש, איבערלאָזנדיק דעם איינדרוק, אז ס'איז קלוימערשט פאראן א מין ציעניזם, וואָס טראָגט א ליבעראלן כאראקטער, איז פאר שאָלעם אָן אנעקסיעס און איז ניט קעגן די קלאסן־אינטערעסן פון די יידישע ארבעטער. אזא ציעניזם איז, פארשטייט זיך, ניטאָ. דאָס איז פון יענע לאָזונגען, וועלכע לענין האָט פארדאמט אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מילכאָמע אלס אויסדרוק פון שאָוויניסטישן פאראט פונעם קלאסנקאמף און פון דעם קאמף פאר סאָציאליזם. פּ. נאָוויק זאָגט, אז עס „מוז איינגעשטעלט ווערן א וואָס ברייטערע אייניקייט מיט מאפּאם־ציעניסטן, גאָלדמאן־ציעניסטן, לעליוועלד־ציעניסטן". נאָוויקס „גוטער" ציעניסט ראבי ארטור לעליוועלד איז דאָך אָבער ביז ניט לאנג צוריק געווען דער פּרעזידענט פונעם אמעריקאנער יידישן קאָנגרעס, אן אָרגאניזאציע, וואָס שטיצט פולשטענדיק די שפּארבערישע פּאָליטיק פון דער יסראָעל־רעגירונג און געפינט זיך אין פאָרנט פון די אנטיסאָוועטישע העצער. מאפּאם איז אָנגעשלאָסן אין דער רעגירונג־קאָאליציע פון יסראָעל"...

מיר זעען אין דעם דאָזיקן ביישפּילביידע זייטן פון דער מאטבייע: סיי נאָוויקס אזשיאָטאזש־מאנעווער צו מאכן א שטופּעניש ארום אן אָפענער טיר („פאריייניקונג אין קאמף פאר שאָלעם"), סיי דעם שעדלעכן

ציל נאָוויקס: אַרײַנפירן דורך אָט דער טיר אין פּראָגרעסיוון לעבן די אידעאָלאָגיע פונעם ציוניזם.

באזונדערס ביזאַיענדיק איז געווען יענער וואַריאַנט פון „אייניקײַט", וועלכן די „מאָרגן-פרײַהײַט", די איקופישע „יידישע קולטור", די קאנאדער „וואָכנבלאַט" האָבן דערפינדן, בײַס זיי זײַנען „אין נאָמען פון די פּראָגרעסיווע יידישע מאסן" געשטאנען הינטער דער טיר פון דער ירושאָלאַימער ציוניסטישער „פּראָ-יידיש"-קאָנפערענץ און זיך געבעטן, מע זאָל זיי אַרײַנלאָזן אהין אַף יעסוידעס פון „אייניקײַט". צוליב דעם דאָזיקן צוועק איז אָנגעווענדט געוואָרן אזא מאנעוור: „פאַרוואָס טויג ניט אייניקײַט? מיר ווייסן, אז דער סאָוועטנפארבאנד קעמפט זייער שטארק צו האָבן „אייניקײַט" מיט דער אימפּעריאַליסטישער רעגירונג פון אמעריקע פאר דער זאך פון שאָלעם. איז מיט וואָס איז אזוי שלעכט צו זײַן אייניק מיט אזוינע ציוניסטן, וואָס ווילן אויך טאָן עפּעס פאר דעם קיום פונעם יידישן לאָשן און פון דער יידישער קולטור?" (פון סולערס וועכנטלעכן איבערזיכט אין דער „מאָרגן-פרײַהײַט" פארן 11 נאָיאַבער 1976). די דאָזיקע פּלאַפּלערײַ נייטיקט זיך ניט אין קאָמענטארן. דאָס איינציקע, וואָס מיר קענען, אַף טשיקאוועס, דאָ טאָן, איז — געבן דאָס וואָרט דעם אמאָליקן פייסעך נאָוויק, און ער זאָל עס אין דער פראגע פון מיטארבעט מיטן ציוניזם אפן געביט פון יידישער קולטור „אָנרײַבן א נאָז" דעם הײַנטיקן פייסעך נאָוויק און זײַן קאָלעגע כאַיִם סולער.

אָט וואָס נאָוויק האָט געשריבן אין זײַן ארטיקל „ציוניסטישע באָמבאסטיק" („דער האמער", אווגוסט, 1926): „פארשטייט זיך, אז די גאנצע מײַסע וועגן ציוניסטישער קולטור-טעטיקײַט, אפילע ווען פון דעם וואָלט עפּעס געוואָרן, וואָלט דאָס אויך געהאט א קנאפּע ווערט. ווארעם אפילע אין די מיזרעך-אייראָפּעיִשע לענדער איז דער ציוניזם מיט זײַן אָפּלייקענען דאָס גאָלעס-לעבן און מיט זײַן אָפּלייקענען די יידישע שפּראך און די נײַע יידישע קולטור אָביעקטיוו א געצײַג פון אסימיליאציע און א צוריקטרײַבנדיקער, רעאקציאָנערער פאקטאָר. עס איז אָבער ווערט צו אונטערשטרײַכן, אז דאָ איז אפילע די שטרעבונג ניטאָ. און אַף וויפל ציוניזם איז אומעטום א רעאקציאָנערע דערשײַנונג, איז זײַאָניזם, כוץ אלעמען, אויך אָלרײַטיש, אויסגעטאָן פון אידיי, פרײַ פון אינהאלט"...

מיר אקצענטירן דאָ, באַהאַנדלענדיק דעם דאָזיקן איניען, ניט אַזוי די עצעם מעטאַמאָרפֿאָזע פֿון מיינונגען, ווי די שוין באַקאַנטע מעטאָדאָלאָגיע פֿון די רענעגאַטן. אונטערן שלייער פֿון „אומשולדיקער" אַמעראַצעס ווערן די מעלוכישע צווישנבאַציִונגען פֿון פּסר און פּשאַ און די באַמיִונגען לעטוויִועס פֿרידלעכער קאָעקזיסטענץ געשילדערט, ווי אַ ליניע פֿונעם סאָוועטנפֿאַרבאַנד פֿאַר „איינִיקייט מיט דער אימפּעריִאַליסטישער רעגירונג פֿון אַמעריקע", און אויב אַזוי, איז שוין פֿאַראַן, פֿונוואַנען צו ציִען אַ פּאַראַלעל צו דער מיטאַרבעט פֿון דער „מאָרגן-פֿרייהייט" מיטן ציִעניזם.

זוכנדיק אַרגומענטן אויף צו פֿאַרענטפֿערן זייערע פֿאַלשע טעזיסן און האַנדלונגען, ווייזן אַרויס די רעדאַקטאָרן פֿון דער „מאָרגן-פֿרייהייט" שאָדן-איינפֿאַלערישקייט אינעם פֿאַרופֿן זיך אויף וויכטיקע פֿערזענלעכקייטן פֿון דער פֿאַרגאַנגענהייט. אַזוי, לעמאָשל, האָט פּ. נאָוויק, דורכלייענענדיק אין דעם מאָסקווער זשורנאַל „נאָוואָיע ווּרעמיִא" אַן ענטפֿער, וואָס דער צוויי מאָל העלד פֿון סאָוועטנפֿאַרבאַנד גענעראַל דאָוויד דראַגונסקי האָט געגעבן אויף אינסינואַציעס און אויסטראַכטענישן פֿונעם ציִעניסטישן פּראָפּאַגאַנדע-אַפּאַראַט, זיך גענומען אָפּרעכענען מיט דראַגונסקין, לעמיי „ער האָט זיך צעשריִען אויף ציִעניסטן בִיכלאַל", און אָט וואָס פֿאַר אַן אַנאַלאָגיע נאָוויק האָט געלאָזט אין גאַנג („מאָרגן-פֿרייהייט", 18 יול 1972):

„איינער קאָן זיין אַ גלענצנדיקער גענעראַל מיט גרויסע פֿאַרדינסטן, אָבער דאָס גיט אים נאָך ניט קיין אַטעסטאַט אויף זיין אַן עקספּערט אויף דער נאַציִאָנאַלער פֿראַגע, און אַוואַדע גיט עס אים ניט דאָס רעכט שווער צו מאַכן די אַרבעט פֿון פּראָגרעסיווע מענטשן אין אויסלאַנד, וועלכע מוזן גיין און גייען — מיט רעכט — מיט ציִעניסטן, וואָס זיינען קעגן פֿאַשיזם און היטלעריזם — אָט די ציִעניסטן פֿון דעם כּיידער פֿון מאָרדכע אַנילעוויטש, קאָמאַנדיר פֿונעם וואַרשעווער געטאָ-אויפֿשטאַנד"...

מיר שטעלן אָפּ אויף אָט דעם אָרט די כוצפּעדיקע רייד, מיט וועלכע דער רענעגאַט האָט געמיינט אָנרירן דעם קאָוועד פֿונעם העלד, וואָס האָט, לאָמיר צווישן אַנדערן דערמאָנען, פֿאַרלאָרן אין אַנטיהיטלערישן קריג 34 לייבלעך אייגענע מענטשן פֿון זיין מישפּאָכע. מיר שטעלן דאָ אָפּ נאָוויקס רייד, קעדיי אָנשוילעך פֿאַרצייכענען די שאַנד

פון אזא סאָרט אײַנפּאַלערישקײַט, ווען קעגן דראַגונסקין ווערט ספּעקוליאַטיוו אַרויסגעפירט אַנילעוויטש און עס ווערן צוגערעכנט צו איין קאָמפּאַניע מיט אַנילעוויטשן, קעדיי ער זאָל זיי שיצן — די הײַנטיקע „גוטע" ציִעניסטן.

וואָס ווײַטער די „מאָרגן-פרײַהײַט" איז שוין אָפּגעפירט פון די רעוואָליוציִאָנערע און פּראָגרעסיווע וועגן פון אירע שפּעטער, אַלץ מער און אָפטער פּרווון אירע איצטיקע רעדאַקטאָרן אָפּערירן מיט פּאַלשע פּאַראַלעלן, דערבײַ שעמען זיי זיך ניט צו אַרײַנעמען אינעם שוטפעס פון זייער הײַנטיקער אָפּאָרטוניסטישער פּלאַטפאָרם אַמאָל מאָריס ווינטשעווסקין, אַן אַנדערס מאָל מוישע אָלגינען, מוישע קאַצן, דאָס הייסט, די, וועמען זיי האָבן פאַראַטן.

דער אויפן, וויִאַזוי דאָס ווערט געטאָן, איז פּונקט אַזאַ אומגעלומפּערטער, באַגלייט מיט איבערקרימענישן און קאַפּוליער אָנצוהערענישן, ווי בִּכלל אין דער פּובליציסטיק פון דער „מאָרגן-פרײַהײַט" פאַר די לעצטע יאָרן. אַשטייגער, מיט ווינטשעווסקין באַגייט זיך פּ. נאָוויק אַזוי. ער דרוקט איבער ווינטשעווסקיס זיכרוינעס, „אין וועלכע עס רעדט זיך וועגן אַ פּעריִאָד מיט 90 יאָר צוריק און נאָך פריִער", און נוצט זיי שפּעטער אויס אין פאַרשיידענע קאָנטעקסטן, מערסטנס ניט צום אָרט פונעם שטאַנדפּונקט פון פּראָסטער לאָגיק, טײַטנדיק אָף די זיכרוינעס מיט די פינגער: דער זיידע פונעם יִדישן סאָציִאַליזם איז מיט אונדז געווען מאַסקים! אין וואָס איז ווינטשעווסקי מאַסקים געווען מיט נאָוויקן און סולערן? איז הערט אַ מײַסע. נאָוויק האָט אַנטדעקט אַ סענסאַציִאָנעלע נײַס („מאָרגן-פרײַהײַט, 18 יאַנוואַר 1977): בא מאָריס ווינטשעווסקין אין די זיכרוינעס איז „דאָס סאָציִאַלע קעסייִדער געגאַנגען האַנט אין האַנט מיטן נאַציִאָנאַלן" און „ער רעדט וועגן קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזם", „וועגן די טאָרקוועמאַדאָס אין שפּאַניע און וועגן די בניי האָמען, וואָס מאַכן בלוט-בילבולים אָף יִדן. און ער פירט אויס, אַז זײַן צײַטונג „דאָס פּוילישע יִדל", די ערשטע יִדישע סאָציִאַליסטישע צײַטונג, האָט געהאַט סײַ אַ נאַציִאָנאַלע און סײַ אַ סאָציִאַלע אויפגאַבע".

דער לייענער וועט גלײַך זיך ניט כאַפּן, וואָס עס וויל דאָ אויסברײַען נאָוויק. דאָס, וואָס ער שרײַבט וועגן ווינטשעווסקין, איז שוין פון לאַנג באַוווּסט, און מע דאַרף עס ניט האַרצרײַסנדיק „אַרויסהייבן".

ווינטשעווסקי איז ווינטשעווסקי, און דערפֿאַר שעצן מיר הויך זײַן ראָליע אינעם רעוואָליוציאָנערן פּראָצעס. אָבער נאָוויק האָט זיך זײַן אייגן מיינונג. ער שרײַבט: „און — אַט וואָס! די אַלע זיכרוינעס, אַט מיט אַזאַ סאָציאַלן און נאַציאָנאַלן כאַראַקטער, זײַנען דערשינען אין מאָסקווע, אין 1926... צו זײַן ייִדיש-נאַציאָנאַל איז אין מאָסקווע דעמאָלט ניט געווען טרייף, פֿאַרקערט — דאָס איז געווען לויט לעניניס פּראָגראַם. דאָס מעג מען נעמען גוט אין אַכט סײַ דאָ, סײַ דאָרטן... אויב עמעצער האָט זיך געביטן, איז עס — עמעצער אַנדערש, ניט מיר“...

אַלע אונטערשטרײַכונגען אינעם טעקסט זײַנען דאָ נאָוויקס. אַזוי האָט געשריבן דער, וואָס איז אַמאָל געווען אַ קאָמוניסט און, ווי מע דריקט זיך אויס, געקאָנט האַלטן אַ פּען אין האַנט... באַם לייענען די שורעס ווערט קלאָר, וויפֿל האָזן דער באַלמאַכלויקעס האָט געהאַט אין זינען צו כאַפּן. ערשטנס: עס קומט אויס דער „מאָרגן-פֿרײַהײַט“ און אירע רעדאַקטאָרן צו שטיין, נעבעך, אויף דער וואַך פֿון ווינטשעווסקיס פּרינציפּ וועגן דעם, אַז דאָס סאָציאַלע דאַרף קעסיידער גיין האַנט אין האַנט מיטן נאַציאָנאַלן, אַנדערש וועט מען קומען פֿון דאָ און פֿון דאָרטן און דעם פּרינציפּ באַשטרײַטן; צווייטנס: דאָס זעלבע מיקויעך דעם קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזם. ווײַל ווער נאָך וועט שטיין אויף דער וואַך, מע זאָל דאָ און דאָרטן ווי געהער צו זײַן קעמפֿן קעגן אַנטיסעמיטיזם, אויב ניט סולער און נאָוויק? דריטנס: אויב „דאָס פּוילישע ייִדל“ איז שוין אין יענע ווײַטע יאָרן געווען אַ צײַטונג מיט סײַ אַ נאַציאָנאַלער, סײַ אַ סאָציאַלער אויפֿגאַבע, איז פֿאַרוואָס זאָל הײַנט די „מאָרגן-פֿרײַהײַט“ ניט אַ נעם טאָן דאָס נאַציאָנאַלע אַפֿילע שוין אָן דעם סאָציאַלן? (אַ בײַשפּיל: דעם 14 אָקטיאַבער 1976 האָט סולער אין זײַן וועכנטלעכן פּרעסע-איבערזיכט געמאַכט אָן אויסרייד דער ייִסראָעלדיקער קאָמוניסטישער צײַטונג „דער וועג“, פֿאַרוואָס זי האָט געשריבן וועגן דער געפֿאַר פֿון נעאָנאַציזם ניט אַזוי, ווי ער, סולער, וויל. „מיר זײַנען שטאַרק באַמרויִקט, — לייענען מיר בײַ סולערן, — פֿון דעם אויפֿן, וויאַזוי „דער וועג“ רעדט וועגן דער געפֿאַר. אין דעם גאַנצן אַרטיקל רעדט זיך בלויז וועגן דעם אַנטיקאָמוניזם פֿון דער נאַצישער באַוועגונג... ווען אַ ייִדישע צײַטונג רעדט וועגן דער נאַצישער געפֿאַר אין אונדזער צײַט, וואָלט מען געקאָנט דערוואַרטן, אַז זי זאָל איבערהויפּט אַרויסברענגען די געפֿאַר פֿאַר דעם ייִדישן פֿאָלק.

די געפאר איז ניט נאָר פאר ייִדישע קאָמוניסטן, אָדער פּראָגרעסיווע ייִדישע ארבעטער. די געפאר איז פאר אַלע ייִדן, אײַנגעשלאָסן ייִדישע קאפּיטאַליסטן"...). פּערטנס, — טאקע דעריקער: דער אָפענער מיין פון נאָוויקס קאָמענטאר צו מאָריס ווינטשעווסקיס ארויסזאָגונגען איז — ארופוואַרפן א רעכילעס־שאָטן אפן סאָוועטנפארבאַנד, אז, זעט איר, הײַנט זײַנען שוין טרייף אין מאָסקווע ווינטשעווסקיס זיכרוינעס מיט אַזאַ סאָציאַלן און נאַציאָנאַלן כאַראַקטער; אין 1926 זײַנען זיי געדרוקט געוואָרן „לויט לעגינס פּראָגראַם", און הײַנט... הײַנט האָט „עמעצער" זיך געביטן, ניט נאָוויק.

עס בעט זיך אהער א פאָלקסוואָרט: רעבע, טאָמער פאַרקערט?

אַף וויפל די רעוויזיאָניסטן אין דער ייִדישער גאַס לאָזן ניט ארויס פון מויל די ווערטער „נאַציאָנאַל", „סאָציאַל", „אינטערנאַציאָנאַל", איז קעדײַ דאָ צו זאָגן פאָלגנדעס.

דעם פּראָלעטאַרישן אינטערנאַציאָנאַליזם איז פרעמד דער שמאָל־נאַציאָנאַלער צוגאַנג צו סאָציאַלע פּראָבלעמען, דאָס קינסטלעכע פאַר־שליסן זיך אין די נאַציאָנאַלע דאַלעדאַמעס. איינצײַטיק דערמיט און מיט דער זעלבער קראַפט וואַרפט אָפּ דער פּראָלעטאַרישער אינטערנאַציאָנא־ליזם די פּרוּוון צו אָפּרײַסן זיך פון עם נאַציאָנאַלן באָדן. דער קלאַסן־צוגאַנג באַשטייט קלאָר ניט אין נעגירן די נאַציאָנאַלע אויפגאַבן, פאַר־קערט, ער פאָדערט, אַז צו דער לייזונג פון די דאָזיקע אויפגאַבן זאָל מען צוגיין אונטערן צייכן פון די אַלגעמיינע אינטערעסן פון די ארבעטנ־דיקע.

די פּראָבלעם פון קעגנזײַטיקע פאַרבינדונגען פון נאַציאָנאַלע און אינטערנאַציאָנאַלע אויפגאַבן האָט באַקומען איר פּרינציפּיעלע לייזונג נאָך אין די ווערק פון מאַרקסן און ענגעלסן (לאָמיר זיך דערמאָנען אַזאַ פּראַט, ווי ענגעלסעס טיפע באַמערקונג, אַז שטענדיק זײַנען עכט־נאַציאָנאַלע אידייען אין דער זעלבער צײַט אויך עכט־אינטערנאַציאָנאַלע אידייען). פאַרשטענדלעך, אַז מיט א באַזונדערער קראַפט איז אָט די פּראָבלעם געשטאַנען פאַר לענינען, פאַר דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי נאָכן זיג פון עם גרויסן אָקטיאַבער אין צוזאַמענהאַנג מיט די אויפגאַבן פון עם קאַמף פאַרן סאָציאַליזם אין אונדזער לאַנד און פון דער אַנטוויק־לונג פון דער צווישנפעלקערלעכער קאָמוניסטישער באַוועגונג.

פעסטשטעלנדיק די אומצערײַסבאַרע פאַרבינדונג פון די נאַציאָנאַ־

לע און אינטערנאַציאָנאַלע אויפגאַבן, וואַרפט אָפּ דער מאַרקסיזם-לעניניזם באַליביקע פּרוּוון מיצאַד אַנטימאַרקסיסטן צו קעגנשטעלן פּאַטריאָטיזם און אינטערנאַציאָנאַליזם, נאַציאָנאַלע און אינטערנאַציאָנאַלע אינטערעסן. דער דיאַלעקטישער אַנאַליז פון די באַגריפן „נאַציאָנאַלער טאָך" און „אינטערנאַציאָנאַלער טאָך" באַווייזט, אַז, פון איין זייט, זיינען אָט די באַגריפן ניט קעגנזעצלעך און, פון דער צווייטער זייט, איז צווישן זיי ניט פאַראַן קיין מעכאַנישער גלייכגעוויכט. עכטער אינטערנאַציאָנאַליזם שטעלט טאָמיד אוועק אין סאַמע צענטער די אַלגעמיינע אינטערעסן פון די אַרבעטנדיקע. באַוואָרענענדיק, אַז זיי זאָלן אין דער פּולער מאָס זיך איבערפלעכטן מיט די נאַציאָנאַלע אינטערעסן. עכטער אינטערנאַציאָנאַליזם שטעלט קיינמאָל ניט קיין גלייכצייכן צווישן די באַגריפן „נאַציאָנאַל" און „נאַציאָנאַליסטיש". אונטערשטעלנדיק דעם צווייטן באַגריף אָנשטאָט דעם ערשטן, באַהויפּטן די אַנטיקאָמוניסטן, אַז דער סאָציאַליזם איז קלוימערשט פייַנטלעך בענעגייע די נאַציאָנאַלע אינטערעסן. אַלס קלאָל, גליטשן זיך אַראָפּ אָף דער זעלבער רעכילעס-פּאָזיציע די אָפּטריניקע פון דער פּראָגרעסיווער באַוועגונג, וועלכע שטעלן פאַר זיך א פאַראַדאָקסאַלע אויפגאַבע: פאַרייניקן דעם סאָציאַליזם מיטן נאַציאָנאַליזם.

צוליב אָט דעם צוועק, ווי אויך קעדיי פאַרשטעלן אין א קרומען שפּיגל די טאַקטיק וועגן איינהייט-פראָנט, נוצן אויס די רעדאַקטאָרן פון דער „מאָרגן-פרייהייט" — ווי אומגעלומפּערט דאָס זאָל ניט זיין — געאָרגי דימיטראָווס א רעדע (12 אויגוסט 1935) אויפן VII קאָנגרעס פונעם קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל, אין וועלכער דער גרויסער רעוואָליוציאָנער-לענינעץ האָט מיט פולער רעכט אונטערגעשטראָכן, אַז „פּראָלעטאַרישער אינטערנאַציאָנאַליזם איז נישט נאָר ניט אין קעגנזאַץ צום קאַמף פון די אַרבעטס-מענטשן אין באַזונדערע לענדער פאַר נאַציאָנאַלער, סאָציאַלער און קולטורעלער פרייהייט, נאָר אַדאַנק דער אינטערנאַציאָנאַלער פּראָלעטאַרישער סאָלידאַריטעט און דער קאַמפּס-אייניקייט וועט פאַרזיכערט ווערן די שטיצע, וועלכע איז נייטיק פאַרן זיג פונעם דאָזיקן קאַמף", און — „מיר זיינען ניט קיין אונטערשטיצער פון נאַציאָנאַלן ניהיליזם", „קאָמוניסטן, וואָס... טוען גאָרניט, קעדיי אויפצוקלערן די מאַסן וועגן דער פאַרגאַנגענהייט פון זייער פאָלק, אויף א געהעריקן היסטאָרישן שטייגער, אין עכטן מאַרקסיסטיש-לענינישן

גײַסט, און טוען גאָרניט צו פֿאַרבינדן דעם איצטיקן קאַמף מיט די רעוואָליוציאָנערע טראַדיציעס און מיט דער פֿאַרגאַנגענהײַט פֿונעם פֿאָלק, גיבן אַלײן איבער אין די הענט פֿון די פֿאַשיסטישע פֿאַלסיפֿיקאַטאָרס אַלץ, וואָס איז ווערטפֿול אין דער היסטאָרישער פֿאַרגאַנגענהײַט פֿונעם פֿאָלק".

צו די דאָזיקע און צו אַנדערע אָרגאַנישע פֿאַרן קאָמוניזם אַרויסזאָגונגען פֿון געאָרגי דימיטראָוון קײטלט צו נאָוויק זײַנע אײגענע עכט אַנטימאַרקסיסטישע, אַנטילעניניסטישע אויסטײַטשונגען, אַזעלכע ווי: „אין דער פֿראַגע פֿון פֿאַרייניקטן פֿראָנט און פֿאָלקס-פֿראָנט האָט דימיטראָוו אָפּגעוואָרפֿן די רייד פֿון די, וואָס פּלאָנטערן וועגן קלאַסנקאַמף"; „די ווערטער דאַרף מען געדענקען איצט, ווען עס קומען אומוויסנדיקע און שטעלן זיך אַרויס ווי טעאָרעטיקער מיט די פֿרומע ווערטער וועגן „קלאַסנקאַמף", קעגן פֿאַרייניקן זיך מיט אַנדערע עלעמענטן אין ייִדישן לעבן"... („מאָרגן-פֿרײַהײַט", 19 אָקטיאַבער 1975); „מיר נעמען אין אַכט די היסטאָרישע רעדע פֿון געאָרגי דימיטראָוו וועגן סעקטאַנטישקײַט און דאָגמאַטישע טאָעסן בענעגייע דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע און אין דער נאַציאָנאַלער פֿראַגע. דאַרף דאָס דען ניט אָנגעווענדט ווערן אַף אַזעלכע טאָעסן מיצאַד מאַרקסיסטן בענעגייע דעם ציִעניזם?" (בראָשור „ציִעניזם און אַנטיציִעניזם", 1976).

נאָוויקס „לאָגיק" כידעשט שוין קיינעם ניט. עס כידעשט אויך ניט, וואָס ער האָט „ניט דערזען" בא ג. דימיטראָוון פֿאָלגנדע, אשטייגער, אַרויסזאָגונג:

„עס איז ניטאָ און עס קאָן ניט זײַן קיין אַנדערער, מער פּאַסיקער קריטעריִ, ווי די באַציִונג צום סאָוועטנפֿאַרבאַנד, אַף צו באַשטימען, ווער עס איז אַ פֿרײַנט און ווער אַ סוינע פֿונעם אַרבעטער-קלאַס און פֿונעם סאָציאַליזם, ווער עס איז אַן אָנהענגער און ווער עס איז אַ קעגנער פֿון דעמאָקראַטיע און שאָלעם. אַ פּרוּווּשטיין אַף צו פֿעסטשטעלן די אופֿריכטיקײַט און ערלעכקײַט פֿון יעדן טוער פֿון דער אַרבעטער-באַוועגונג, פֿון יעדער אַרבעטער-פּאַרטיי און אָרגאַניזאַציע פֿון אַרבעטנדיקע, פֿון יעדן דעמאָקראַט אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער — דאָס איז זייער באַציִונג צו דעם גרויסן לאַנד פֿון סאָציאַליזם"[1].

---

[1] Г. Димитров. Съч. т. 10, стр. 392.

## 6. מוישע אָלגין קעגן נאָוויקן

די רענעגאטן אין דער רעדאקציע פון דער „מאָרגן-פרײַהײַט" סטארען זיך צו שאפן אן אײַנדרוק, אז ברייטע שיכטן פון דער פּראָגרעסיווער יידישער געזעלשאפטלעכקייט אין פּשא און אין אנדערע לענדער האלטן אונטער זייער קורס. ס'איז טאקע אן עמעס, אז א גרופּע מיטלשיכט-יידן האָבן געשאפן א מין „קלוב" פאר באשטײַערונגען לעטיוועס דער צײַטונג — ביז 1000 און מער דאָלארן פון א פּערזאָן, וואָס עס האָט לעצטנס געגעבן א מעגלעכקייט די רעדאקטאָרן אפילע צו בײַטן דעם לאָקאל פון דער רעדאקציע אף א שענערן און גרעסערן. אין די פּענצטער וועט איצט זײַן מערער שײַן, אָבער דאָס וואָלט דען מעגלעך געווען אָן די טשעקן פון די ארופּגעארבעטע?

„צו דער רעדאקציע פון דער „מאָרגן-פרײַהײַט"! ווען איך בין ארײַן זונטיק דעם 11 נאָוועמבער אין וואלדאָרף-אסטאָריע-האָטעל צו דעם יערלעכן זשיטלאָווסקי-באנקעט, איז מיר פריילעך געוואָרן אפן הארצן. דאָס איז דערפאר, ווײַל איך האָב זיך דערמאָנט, ווי שווער עס פלעגט אמאָל זײַן דורכצופירן אפילע א קליין באנקעטל. מײַנע קינדער זײַנען געגאנגען אין די שולן, און איך פלעג דאָרט דארפן וואשן די פּאָדלאָגע... מיר פלעגן מאכן „באנקעטן" מיט הערינג און בולבע און מיט אייגענע געבאקטע קיכלעך, וואָס די עלטערן פלעגן ברענגען. האָבן מיך באם זשיטלאָווסקי-באנקעט פיל באקאנטע געפרעגט: ריווקע, ווּוּהין קאָנען מיר שוין גיין ווײַטער? מיר זײַנען דאָך שוין אין דעם שענסטן האָטעל פון ניו-יאָרק! (פון א בריוו, וועלכן ס'האָט צוגעשיקט אין דער „מאָרגן-פרײַהײַט" די לייענערן ריווקע בלום).

די רעאקציאָנערע קיכעס אף דער יידישער גאס זאָגן אונטער דער „מאָרגן-פרײַהײַט", ווּוּהין זי זאָל „גיין ווײַטער".

זוכנדיק נײַע אידייישע פארבינדעטע, האָט נאָוויק פארעפנטלעכט אף די שפאלטן פון דער צײַטונג א ריי זאָגנדירנדיקע דיאלאָגן. שוין דער ערשטער פון זײַנע בירגערלעך-נאציאָנאליסטישע מיטשפרעכער ד״ר. ש. מארגאָשעס האָט אוועקגעשטעלט דעם איניען אף א פּראקטישן יעסאָד. ער האָט זיך גאנץ אָפן אָנגעפרעגט בא נאָוויקן: „שטעלט אײַך פאָר, אז מיר איבערצײַגן אײַך, אז די יידישע אינטערעסן פאָדערן א

געוויסע אקציע, און אײַער פּאַרטיי שטעלט זיך קעגן. וואָס וועט איר דאַן זאָגן און טאָן?" די „געוויסע אקציע" האָט געקאָנט זײַן דאָס, וואָס די ציוניסטישע און אנטיסאָוועטישע צענטרען וועלן אונטערזאָגן. „אײַער פּאַרטיי" האָט דעמלט באַטײַט פאַר דער „מאָרגן-פרײַהייט" די קאָמוניסטישע פּאַרטיי פון אמעריקע, וועלכע איז, נאַטירלעך, געווען א באַריער פאַר אָנשליסן א פּראָלעטאַרישע צײַטונג צו אזעלכע אקציעס. ווי באַוווּסט אָבער, זײַנען שוין הײַנט סײַ נאָוויק, סײַ סולטער אויסער די רייען פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, און דער באַריער איז פאַר זיי פאַרשוווּנדן...

אין דער „מאָרגן-פרײַהייט" איז אויך פאַרעפנטלעכט געוואָרן א דיאַלאָג צווישן נאָוויקן און דעם אוועקגעגאנגענעם פון דער לינקער באַוועגונג אין די פופציקער יאָרן מאַקס פּערלאָוו, א פאַרביסענעם אנטיסאָוועטיסט, וועלכער איז „נאָכן אנאַליזירן די פאַרשיידענע אַרטיקלען אין דער „מאָרגן-פרײַהייט" פאַר די לעצטע פּאָר יאָר געקומען צום שלוס, אז איר שטעלונג איז איצט א ריכטיקערע... דאָס איז בעפּיירעש עמעס, אָבער עס פאָדערט זיך מער... ס'זײַנען פאַראַן נײַע פּירער און טוער, וועלכע פּרוּוון זיך צופּאַסן צו די נײַע צײַטן און אָריענטאַציעס"... („מאָרגן-פרײַהייט", 17 אווגוסט 1975). פּ. נאָוויק האָט אין זעלבן נומער פון דער צײַטונג געגעבן אן ענטפער זײַן „דערוויטערטן קאָלעגע", באַהויפּטנדיק, אז „דאָ האָבן מיר מיטן פרײַנט מאַקס פּערלאָוו און מיט מאַסן אנדערע די ברייטסטע טעריטאָריע אויף שטיין צוזאַמען און אַרבעטן צוזאַמען"...

א צווייטער אוועקגעגאנגענער זײַנערצײַט פון דער „מאָרגן-פרײַהייט", דער איצטיקער שעף-רעדאַקטאָר פונעם געלן „פאָרווערטס" שימען וועבער האָט זיך שטאַרק פאַרינטערעסירט מיטן דיאַלאָג צווישן צוויי אמאָליקע כאַווײרים זײַנע, און ער האָט אין אן אַרטיקל אין „פאָרווערטס" פאַרן 23 יוני 1976 אויפגעקלערט, וואָס מע וויל פון דער „מאָרגן-פרײַהייט", קעדיי אירע רעדאַקטאָרן זאָלן אַרײַנגעלאָזט ווערן אינעם אייניקײַט-קרײַז מיט דער ייִדישער רעאַקציע: „אין איינעם פון מײַנע אַרטיקלען, אויף וועלכע פּערלאָוו פאַרופט זיך אין זײַן „דער וועג צו אייניקײַט", האָב איך געראָטן די קאָמוניסטן („פּראָגרעסיווע") צוצושטיין צו דעם קאַמף קעגן מאָסקווער ייִדן-האַס, און דאַן וועט מען קאָנען ריידן וועגן אייניקײַט אויך אויף אנדערע געביטן".

ש. וועבער שלאָפט און זעט אין כאָלעם א קאָלאָנע פון דער „מאָרגן-פרײַהײַט" אף אן אנטיסאָוועטישער דעמאָנסטראַציע אין ניו-יאָרק...

אויך דער ניו-יאָרקער אָבסקוראנטישער „אַלגעמיינער זשורנאַל" האָט האָפענונגען... אין זײַן נומער פאַרן 7 דעקאַבער 1973 האָט א געוויסע לאָטי פ. מלאַר, וועלכע שרײַבט וועגן זיך: „איך בין א געטרײַע טאַלמידע פון גאָלדע מעיר", פאַרעפנטלעכט „אַן אָפענעם בריוו צום רעדאַקטאָר פון דער „מאָרגן-פרײַהײַט", לויבנדיק נאָוויקן, וועמען זי רופט אָן „טײַערער פרײַנט", פאַר דעם, וואָס ער איז „אָפּגעגאַנגען א היפּשן מעהאַלעך" און געמאַכט „א ווײַטן שפּרונג" פון די רעוואָליוציאָנערע יאָרן, — שטעלט זי פאַר אים די האַרבע פראַגע: „ווי איז אײַער רוף צו די מאַסן — איר פאַרמאָגט דאָך וווילע מאַסן! — צו מאַמאַשעסדיקע מײַסים, זיי זאָלן זיך אָרגאַניזירן, קומען צוהילף מיט געלט, מיט מענטשן, מיט דעמאָנסטראַציעס? איר זײַט דאָך עפּעס א פלינקע באַוועגונג, ווען עס קומט צו דעמאָנסטראַציעס. ווו זײַט איר הײַנט, ווען דאָס יידישע פאָלק דאַרף אײַך?"

גאָלדע מעירס געטרײַע טאַלמידע גיט נאָוויקן א לעקציע פון איינִיקײַט: „איינער דאַרף אײַך ניט מעגאַלע זײַן דעם גרויסן „סאָד", אז אַלע טעג פון א גאַנץ יאָר איז דאָך די ייִדישע געזעלשאַפטלעכקײַט צעטיילט אין פאַרטייען, אין שליטעס, קלובן און אָרגאַניזאַציעס. פונדעסטוועגן, אין איצטיקן מאָמענט, האָבן זיך אַלע פאַראייניקט און טרעטן אַרויס ווי איין גרויסע נאַציאָנאַליטעט. אַלע שיטעס האָבן אוועקגעלייגט זייערע כלוקעדייעס אין א זײַט און קומען צוהילף מיט אכדעס און מיט עזרא, מיט מאָראַלישער און פינאַנציעלער שטיצע, מיט פען און, אויב איר ווילט, מיט שווערד..." און „איך פיל, אז פאָלק ייִסראָעל און מעדינאַס ייִסראָעל וואָלטן א סאַך געוווּנען מיט אײַך, אָן דער טרויעריקבאַרימטער פּרעמדער ליניע, וועגן וועלכער דר. מאַרגאָשעס האָט גערעדט מיט אײַך, און מע פאַרלירט אָן אײַך"...

אזוי שליסט זיך דער קרײַז. א בונד צווישן מאַרגאָשעסן, וועלכער האָט פערזאָניפיצירט די קאַרפן-קעפּ פון דער ייִדישער נאַציאָנאַליסטישער רעאַקציע, מיט וועבערן און פּערלאָוון, די רענעגאַטן מיט א סטאַזש; צווישן „פאָרווערטס" און דעם „אַלגעמיינער זשורנאַל", אַן אַליאַנס פון די סאַמע פינצטערע קויכעס אין אמעריקאַנישן ייִדישן לעבן.

און דאָ דערנעבן, אַף דער „ברייטסטער טעריטאָריע" דרייען זיך ארום די הײַנטיקע רעדאקטאָרן פון דער „מאָרגן-פרײַהײַט"...

אויב ס'וועלן זיך געפינען נאַיווע מענטשן, וועלכע מיינען, אז עס איז נאָך ניט אזוי רעאַל די געפאר פאר ווינטשעווסקיס און אָלגינס צײַטונג, וועלן מיר זיי געבן אן אייצע צו דורכלייענען, וואָס עס שרײַבט איינער פון די אקטיוויסטן פון נאָוויקס „ליניע" — יאנקל דאַראָזשקין. אין זײַן ארטיקל „די „מאָרגן-פרײַהײַט" דארף און קאָן ברייטער געלייענט ווערן" איז פאראן אזא שטעל:

„מיר געדענקען די דיסקוסיע, וואָס פייסעך נאָוויק האָט געהאט מיט דר. ש. מארגאָשעס וועגן געמיינשאפטלעכער ארבעט. מארגאָשעס' טײַנע איז געווען: ווי קאָן מען ארבעטן צוזאמען, אז איר זײַט צונויפגעבונדן מיט א גארטל צו דעם קאָמוניסטישן „עסטאבלישמענט" און, אזויארום, צו דעם סאָוועטישן... איך האָב געשמועסט וועגן דעם איניען מיט פירנדיקע פרײַנט פון דער פראָגרעסיווער באוועגונג נאָך מיט פיל יאָרן צוריק. האָט מען מיר געגעבן גערעכט, נאָר מ'האָט מיר געזאָגט, אז עס איז צו פרי דאָס צו טאָן. האָב איך מוירע, אז אויב מע וועט ווארטן לאנג, וועט ווערן צו שפעט"... („מאָרגן-פרײַהײַט", 15 אפרעל 1975).

די רענעגאטן אײַלן זיך אונטער. אין זײַנעם א באריכט אַף א פארזאמלונג פון די בויער פון דער „מאָרגן-פרײַהײַט" דעם 16 מײַ 1974, באריר:דיק, עמעס, ניט קיין אידייִש-פּאָליטישע פּראָבלעמען, נאָר ווידער די געלט-פראגע, ווער וויפל עס וועט געבן אַף צו פינאנסירן דעם אנטיפּראָגרעסיוון קורס פון דער צײַטונג, האָט כ. סולער מיט גרויס פארדאכט גערעדט וועגן „די מענטשן, וואָס האלטן זייערע פויסטן פארקלעמט און קאָנען זיי ניט עפענען" („מאָרגן-פרײַהײַט", 26 מײַ 1974). סולער האָט געהאט אין זינען די ברייטע ייִדישע פאָלקסמאסן, וועלכע הייבן אָן אלץ מער און מער צו פארשטיין, וווהין עס איז פארשלעפּט געוואָרן זייער צײַטונג.

קעגן די פּיגמייען גייט ארויס אלץ שטרענגער און שרעקעוודיקער, מיט אן אופגעהויבענעם פויסט, דער פלאמיקער רעוואָליוציאָנערער טריבון מוישע אָלגין. ס'איז קעדײַ איצט צו דערמאָנען זײַנע אן ארויסטרעטונג אינעם זשורנאל „דער האמער" פאר אפרעל 1932, אין

צוזאמענהאנג מיטן 10־יאָריקן יובילײ פון דער „מאָרגן־פרײַהײַט". אַלגין האָט געשריבן:

„די „פרײַהײַט" (און „מאָרגן־פרײַהײַט") האָט דערצויגן א דאָר ארבעטער — קאָמוניסטן, וואָס זײַנען דורכגעדרונגען מיטן גײַסט פון אינטערנאציאָנאליזם און וואָס פירן דורך די פּארטײ־ליניע צווישן די ברייטע מאסן.

די „פרײַהײַט" האָט ארײַנגעטראָגן דעם קלאסן־באַוווסטזײַן אין ברײ־טע שיכטן פון די ייִדישע ארבעטער.

די „פרײַהײַט" האָט נעענטער געבראכט די ייִדישע ארבעטער צו די ארבעטער פון אנדערע נאציאָנאליטעטן אין די פאראייניקטע שטאטן און האָט באקעמפט דעם ווײַסן שאָוויניזם צווישן די ייִדישע מאסן.

די „פרײַהײַט" האָט געהאָלפן בויען די פּראָלעטארישע קולטור און ליטעראטור אלס א געצײַג פון קלאסנקאמף.

מיר זײַנען זיכער, אז אין די קומענדיקע שלאכטן פון דעם אמערי־קאנישן ארבעטער־קלאס וועט די „מאָרגן־פרײַהײַט" פארנעמען דעם נייטיקן פּלאץ".

די דאָזיקע ווערטער אַלגינס וועט זיך קיינעם ניט אײַנגעבן אָפּצו־מעקן פון דער פּאַן, אונטער וועלכער די פּראָלעטארישע ייִדישע צײַ־טונג „מאָרגן־פרײַהײַט" איז געגאנגען און, גלייבן מיר, וועט גיין, האלטנדיק זיך אין אוואנגארד פון די קעמפנדיקע ייִדישע מאסן.

מײַ — יוני, 1977

## אויף לעצטן שטאפּל פון אראָפּנידעריקונג

אין לויף פון דער צײַט ווערט אלץ שלימאזלדיקער די פּאָליטישע אויסקומעניש פון די רענעגאטן, וועלכע האָבן שוין אוועקגעלייגט אין א זײַט די מאסקעס און דערשײַנען איצט ווי אָפענע פּארטײַדיקער פון דער פלאטפאָרם פונעם ציוניזם, בײַזוויליקע אנטיסאָוועטיקער. לעצטנס האָט זיך גענומען פארשליסן דער קרײַז. די עפנטלעכע רעא־גירונגען מיצאד די קאָמוניסטישע פּארטייען פון פּשא און קאנאדע,

מיצאד דער פּראָגרעסיווער — ייִדישער און ניט־ייִדישער — פּרעסע, און, לעסאָף, מיצאד אַלץ א גרעסערער צאָל אופגעבראכטע לייענער האָבן דערפירט דערצו, אז די רענעגאטן האָבן געמוזט מעלדן, ווער זיי זיינען. ס'האָט אויך אין דער פולער מאָס זיך געעפנט דאָס בילד פון דער געענדערטער סאָציאַלער באזע, וואָס האָט זיך אָנגעשיכטעט ארום די רעדאקציאָנעלע טישן אין דער „מאָרגן־פרייהייט" און אין דער „וואָכנבלאט". דעם 11 מיי ד. י. האָט דער צענטראַל־קאָמיטעט פון דער קאָמוניסטישער פּארטיי פון אמעריקע ארויסגעגעבן א דערקלערונג וועגן דעם איצטיקן פּאָליטישן קורס פון דער „מאָרגן־פרייהייט". אין דער דערקלערונג ווערט געזאָגט:

„אין מעשעך פון א גרעסערן טייל פון איר געשיכטע האָט די „מאָרגן־פרייהייט" זיך אויסגעצייכנט מיט איר ענערגישן קאמף פאר דער אייניקייט פונעם ארבעטער־קלאס — שווארצע און ווייסע, פאַרשטייער פון אַלע נאציאָנאליטעטן — און מיט דער שטיצע, וואָס זי האָט ארויסגעוויזן דעם קעמפערישן פליגל פון דער פּראָפעסיאָנעלער באוועגונג. זי איז געווען אן אומדערמידלעכער און פאָרגעשריטענער קעמפער קעגן דער רעכטער סאָציאַל־דעמאָקראטיע, ווי אויך קעגן אַלע פאָרמען פון רעפאָרמיזם, קעגן דעם צעשטערערישן גייסט פון אנטיסעמיטיזם און ראסיזם. אף אָט די וועגן האָט די צייטונג אָפּגעהיט און געשטארקט די רומפולע ראָליע פון די ייִדישע ארבעטער און פון אַלע אנדערע ארבעטער, וועלכע קעמפן פאר סאָציאַלן פּראָגרעס. די נויטווענדיקייט אָפּן אוועקצושטעלן די פראגע (וועגן דעם איצטיקן פאלשן קורס פון דער „מאָרגן־פרייהייט" — א. וו.) איז אנטשטאנען נאָך דעם, ווי די לאנגדויערנדיקע און אָנגעשטרענגטע דיסקוסיע מיט דער אָנפירונג פון דער „מאָרגן־פרייהייט" האָט ניט געהאָלפן צו אָפּשטעלן דעם דורכגעמאכטן פאר די לעצטע יאָרן מיצאד דער צייטונג אָפּגאנג פון אזא ריכטיקער פּאָליטיק"...

אָפּמערקנדיק ווייטער, אז „אין איצטיקן מאָמענט שטייט די אָנפירונג פון דער צייטונג אף פּאָזיציעס פון פריידיקן מיטארבעט צווישן די קלאסן" און אז זי „איגנאָרירט דעם קאפּיטאליסטישן כאראקטער פון מעדינאס ייִסראָעל און די אומפארמיידלעכקייט פון קלאסנקאמף אין אָט דעם לאנד", שרייבט ווייטער אין זיין דערקלערונג דער צענטראַל־קאָמיטעט פון דער קאָמוניסטישער פּארטיי פון פשא:

„די „מאָרגן-פרײַהייט" האָט אויסגעקליבן דעם סאָוועטנפאַרבאַנד און די אַנדערע סאָציאַליסטישע לענדער פאַר איר וויכטיקסטער ציל-ברעט, אָנקומענדיק צו קאָל האמינים בײַזווייליקע גוזמעס, פאַרקריפּלונגען און רעכילעס. זי פאַלט סיסטעמאַטיש אָן אויף דער קאָמוניסטישער פאַרטיי פון פּשא און אויף דער קאָמוניסטישער פאַרטיי פון ישׂראל. די אָנפירונג פון דער צײַטונג פּרוּווט באַרעכטיקן איר געפערלעכן פּאָליטישן קורס מיט דער נויטווענדיקייט פון איינהייט מיט דער ציוניסטישער באַוועגונג, ריידנדיק וועגן איר אפילו ווי וועגן א „נאַציאָנאַלער באַוועגונג", וואָס עס פאַלט צונויף מיט די דערקלערונגען וועגן ציוניזם, וועלכע קומען פונעם ציוניזם גופא"...

אין דער דערקלערונג ווערט אָפּגעמערקט, אז בא די לייענער „וואַקסט דער אומרו און דער צאַרן אין צוזאַמענהאַנג מיטן שטײַגנדיקן אײַנרײַס צווישן זייערע אינטערעסן און דער פּאָליטיק פון דער רעדאַקציע. פיל לייענער פון דער צײַטונג זײַנען געקומען צום אויספיר, אז איר איצטיקער קורס פאַרדינט ניט קיין שטיצע מיצאַד די קעמפער פאַר סאָציאַלן פּראָגרעס". די קאָמוניסטישע פאַרטיי פון פּשא איז מסכּים מיט אָט די לייענער פון דער „מאָרגן-פרײַהייט", וועלכע ווילן, אז זייער צײַטונג זאָל ווידער פאַרוואַנדלט ווערן אין „א שלאַכט-טריבונע פונעם אַרבעטער-קלאַס, וואָס פאַרדינט די שטיצע פון דער פּראָגרעסיווער באַוועגונג".

די דערקלערונג פונעם צענטראַל-קאָמיטעט פון דער קאָמוניסטישער פאַרטיי פון פּשא איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן דעם 12 מײַ 1977 אין דער צײַטונג „דיילי וואָרלד".

דעם 9 מײַ 1977 איז אין דער צײַטונג „קענעדיען טריביון" (טאָראָנטאָ) דערשינען א דערקלערונג פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיווע פון דער קאָמוניסטישער פאַרטיי פון קאַנאַדע, אין וועלכער דער רעדאַקטאָר פון דער צײַטונג „וואָכנבלאַט" י. גערשמאַן ווערט פאַרורטיילט פאַר זײַנע שעדלעכע שטעלונגען און פאַר אַראָפּפירן פונעם פּראָגרעסיוון וועג די צײַטשריפט.

אַלס ענטפער אויף די דאָזיקע באַזישע דאָקומענטן האָבן די רענעגאַטן נאָוויק און גערשמאַן צונויפגערופן זייערע נאָכפאָלגער און אין אַן אַטמאָספער פון היסטעריע ווידער באַשטעטיקט, אז זיי וועלן פאַרזעצן גיין מיט וועגן פון פאַראַט בענעגייע דער פּראָגרעסיווער באַוועגונג.

די קאַמוניסטישע פּאַרטייען פון פשא און קאַנאַדע און זייער פּרעסע, די ברידערלעכע פּערי:אַדישע אויסגאַבעס אין פאַרשיידענע לענדער — דער זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד", די צײַטונגען „דער וועג" (יִשׂראל), „אונדזער פּרײַנט" (אורוגוויַ), „אונדזער לעבן" (אַרגענטינע) — האָבן געגעבן אַ ווירדיקע אָפּשאַצונג פון דעם, וואָס עס איז פאָרגעקומען אין די לעצטע יאָרן אין די רעדאַקציעס פון דער „מאָרגן-פרײַהײַט" און פון דער „וואָכנבלאַט". עס רופט ניט אַרויס קיין צווייפל, אַז דער פּאַראַט פון די רעדאַקטאָרן איז ניט דער סאָף פון די צוויי פּראָגרעסיווע צײַטונגען, גיכער איז עס דער לעצטער שטאַפּל אין דער אַראָפּנידעריקונג פון די רעדאַקטאָרן-רענעגאַטן.

אווגוסט, 1977

## דאָס קאָמי־טראַגישע געשטאַלט פון אַ נאָכבאָמקער

דער דיכטער בער גרין איז איינער פון די באַזונדערס הייסע שלעגער בײַ די אָפּאָרטוניסטישע טויערן פון דער הײַנטיקער „מאָרגן-פרײַהײַט". זײַן ראָל איז גאָר אַן אומגעלומפּערטע: ער טוט זיך פון מאָל צו מאָל אַ וואָרף ארײַן אינמיטן די רייד, ווען ס'האַנדלט זיך וועגן דער רענעגאַטישער ליניע פון די רעדאַקטאָרן פון דער צײַטונג, און ניט וויסנדיק ווו-אײַן, ווו-אויס, ניט קענענדיק און ניט וועלנדיק אַרויסברענגען כאָטש איין וואָרט וועגן דעם טאָך פונעם איניען, הייבט ער אויף אַזאַ גוואַלד, מיט אויסרופצייכנס און פראַגעצייכנס, אַז, מאַשמאָעס, עס האָט אַ זין אים געבן די באַוווסטע היילונג פון נערוון-אויסגעשעפּטקײַט — טרינק קאַלט וואַסער.

מיר וואָלטן אויך איצט, ווי פרי:ער, ניט רעאַגירט אַף די דעקלאַמאַציעס פון אָט דעם אידיי:ש-דיסטראָפּירטן מענטשן, אָבער לעצטנס (24 מײַ 1977) איז ער אין דער „מאָרגן-פרײַהײַט" אַרויס מיט אַזעלכע צעיושעטע רייד אין אַדרעס פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פון אַמעריקע, אַז ס'איז נייטיק זיי ווי געהעריק פאַרצייכענען.

אין זײַן אַרטיקל מיטן אונטערקעפּל „וועגן דער אַטאַקע פֿון די קאָמוניסטישע פֿירער אַף דער „מאָרגן-פֿרײַהײַט" איז ניטאָ אַזױנס, װאָס מע זאָל קאָנען איבערדערצײלן — ס'איז אײנער פֿון די מינדערװערטיקע סקאַנדאַלן, װאָס װערן פּראַקטיקירט נאָכן פֿאַרעפֿנטלעכן דעם דאָקומענט פֿונעם צענטראַל-קאָמיטעט פֿון דער קאָמוניסטישער פּאַרטײ פֿון פֿשא מיקױעך דער אָפּאָרטוניסטישער ליניע פֿון די „מאָרגן-פֿרײַהײַט"-רעדאַקטאָרן. װי ס'איז אָנגענומען בײַ די רענעגאַטן, ברענגט ניט בער גרין קײן שום אַרגומענטן אַף צו אָפּפֿרעגן דעם דערמאָנטן דאָקומענט. אָנשטאָט דעם, שיט ער אָן אױפֿהער מיט אַזעלכע עפּיטעטן, װי „בײַזװיליקע", „אומזיניקע", „אומגערעכטע", „שעדיקערישע", „אומגעלומפּערטע", „ניט געשטױגענע" אאַז״װ. און דאָס אַלעס פֿאַרפּראַװעט ער מיט אײנעם און דעם זעלבן רעפֿרען: „װײ װאָגט מען!" — „װיאַזױ האָט די פּאַרטײ-אָנפֿירונג געװאָגט צו באַלײדיקן אונדזער צײַטונג"... ער, גרין, זעט איר, מעג יאָ װאָגן צו רײדן אין אַ טאָן פֿון האָזע און כוצפּע מיט דער קאָמפּאַרטײ פֿון אַמעריקע...

װען דער קומענדיקער היסטאָריקער װעט זיך נעמען אױפֿצושטעלן דאָס בילד פֿונעם נידערטרעכטיקן אידײיִשן פֿאַראַט, װעמענס קאָרבן עס איז די „מאָרגן-פֿרײַהײַט", װעט ער אָפּן אָרט פֿון די געשעענישן טרעפֿן אױך אַזאַ פֿאַרהלושעטן מענטשן, װעלכער האַלט אין אײן קײַען זײַן שלאָג-אַרגומענט, אַז ער איז „אַ לאַנגיאָריקער פּראָגרעסיװער קעמפֿער פֿאַר סאָציאַליזם" און אין דעם זכות, הײסט עס, מעג אים איצט דערלױבט װערן צו טאָן און רײדן װאָס אים גלוסט זיך קעגן די אינטערעסן פֿונעם סאָציאַליזם, אַ מענטשן, װאָס האָט פֿאַרביטן זײַן אַמאָליקן ערנסטן שטעל אַף דער אַרומהאַװעניש מיט אײן-אײנציקן ציל — אונטערטראָגן און אונטערגעבן דאָס בענקעלע דעם געשװױרענעם רענעגאַט (אין זײַן אױבנדערמאָנטן אַרטיקל שעמט זיך ניט בער גרין צו אָנרופֿן פּ. נאָװיקן „דער פּאָנענטרעגער און אָנערקענטער פֿירער פֿון דער ייִדישער פּראָגרעסיװער באַװעגונג ניט נאָר אין אַמעריקע, נאָר אױך אין פֿיל אַנדערע לענדער"...).

אַ קאָמי-טראַגיש געשטאַלט פֿון אַן אונטערבאָמקער...

סענטיאַבער, 1977

# עטלעכע שלוס־ווערטער צו דער פּאָלעמיק

מיר האָבן דאָ אין זינען אונדזער פּאָלעמיק מיט די רעדאַקטאָרן פֿון דער „מאָרגן־פֿרײַהײַט“ (און אויך פֿון דער „וואָכנבלאַט“), וועלכע איז געפֿירט געוואָרן אין משך פֿון פֿינף יאָר.

פֿאַרוואָס שלוס־ווערטער? ווײַל פּאָלעמיק איז באַגרענעצט מיט צײַט. ס'איז קלאָר, אַז מיט אָפֿענע קעגנער פּאָלעמיזירט מען קלאָל ניט, וועגן זייערע טועכצן אינפֿאָרמירט מען די עפֿנטלעכקײַט, מע קעמפֿט קעגן זיי. אַזוי, לעמאָשל, באַגייען מיר זיך מיט דעם געלן „פֿאָרווערטס“. אין אַ פּאָלעמיק ווערן געבראַכט אַרגומענטן פֿון ביידע צדאָדים, און די געזעלשאַפֿטלעכע מיינונג מישפּעט. אויב מיט דער צײַט ווײַזט זיך אַרויס, אַז איין צאַד אין דער פּאָלעמיק זאָגט זיך אָפּ צו באַהאַנדלען די עצעם פּראָבלעם, אַרום וועלכער עס זײַנען פֿאַראַן מיינונגס־פֿאַרשיידנהײַטן, און ווענדט אָן אַ ניט דערלאָזבאַרן טאָן, פֿאַרזעצנדיק דערבײַ אויף דער פּראַקטיק די ליניע, וואָס האָט די פּאָלעמיק אַרויסגערופֿן, — דאַן איז ניטאָ צוליב וואָס פֿאַרציִען דעם דיאַלאָג, נאָך מער — ס'איז ווינטשנסווערט אים שליסן.

אָט אויף אַזאַ אופֿן האָט זיך פֿאַרענדיקט די פּאָלעמיק, וועלכע „סאָוועטיש היימלאַנד“ איז געווען געצוווּנגען צו פֿירן מיט די רעדאַקטאָרן פֿון דער „מאָרגן־פֿרײַהײַט“ און פֿונעם „וואָכנבלאַט“. פֿינף יאָר איז אַ גענוגנדיקער צײַט־אָפּשניט, כּדי אָדער די פֿאַרנומענע שטעלונג צו פֿאַרטיידיקן מיט אַרגומענטן און מיט סייכלדיקע באַווײַזן, אָדער די שטעלונג בײַטן, צי אויסבעסערן. צום באַדויערן אָבער, איז די פּאָלעמיק צווישן דעם סאָוועטישן זשורנאַל און די אָנגערופֿענע צײַטונגען געווען אַ דיאַלאָג, בײַ וועלכן איין צאַד (די רעדאַקציע פֿון „סאָוועטיש היימלאַנד“) האָט אָן אויפֿהער געבראַכט פֿאַקטן, באַהאַנדלענדיק זייער עמעסן טאָך, און דער צווייטער צאַד האָט אָן אויפֿהער זיך געזידלט. ס'איז דערגאַנגען דערצו, אַז אַנדערע ייִדישע פּעריאָדישע אויסגאַבעס — „נײַע פּרעסע“ (פּאַריז), „אונדזער לעבן“ (בוענאָס־אײַרעס), „אונדזער שטימע“ (טעל־אַוויוו) האָבן זיך געווענדט צו די רעדאַקטאָרן פֿון דער „מאָרגן־פֿרײַהײַט“ און פֿון דער „וואָכנבלאַט“, זיי זאָלן אָננעמען אַ טאָן פֿון ווירדע.

מע קאָן אונדז פרעגן: וואָס ווײַטער? וויאַזוי טראַכט די רעדאַקציע פון „סאָוועטיש היימלאַנד" זיך נויהעג זײַן אין די קומענדיקע צווישנבאַציִונגען מיט די צוויי אויסגאַבעס, וועלכע טאַקע „סאָוועטיש היימלאַנד" האָט שטענדיק געהאַלטן פאַר שלאַכט-טריבונעס פון די פּראָגרעסיווע קרײַזן און גערופן זיי „שוועסטער-צײַטונגען"?

די געשעענישן אַנטוויקלען זיך איצט מיט אַזאַ שנעלקײַט, און זיי פאָדערן אַזוי קאַטעגאָריש אַ קלאָרע און באַגרינדעטע שטעלונג, אַז לאַנג אויפהאַלטן זיך הינטער אַ נעפּל פון ביליקער פראַזעאָלאָגיע וועט קיינעם זיך ניט אײַנגעבן. וואָס איז שייך די ייִדישע געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס און זייערע צײַטונגען און זשורנאַלן אין די לענדער פון דער וועלט, איז, קאָן זײַן, קיינמאָל נאָך מיט אַזאַ קראַפט, ווי איצט, ניט געשטאַנען פאַר זיי די פראַגע: מיט וועמען זײַט איר? אויף דער דאָזיקער פראַגע וועט געבן אַן ענטפער די צײַט.

יאָ, די פּאָלעמיק, ווי געזאָגט, איז אויסגעשעפּט. דאָס הייסט אָבער ניט, אַז אויף ווײַטער וועלן מיר ניט רעאַגירן אויפן געהעריקן אופן, אויב ס'וועלן אונטערגענומען ווערן אָנפאַלן אויפן סאָוועטנפאַרבאַנד, אָדער עס וועט געפּרעדיקט ווערן אין דער פּראָגרעסיווער ייִדישער סוויווע אידעאָלאָגישע אַכדעס מיטן ציוניזם.

באַם אָפּשטעלן די דיסקוסיע, איז געבליבן אויפצוקלערן אַ פּאָר פראַגן.

פ. נאָוויק, כ. סולער און י. גערשמאַן האָבן זיך שטאַרק געערגערט, ווען „סאָוועטיש היימלאַנד", ציטירנדיק זייערע אַנטיסאָוועטישע און פּראָציוניסטישע אַרויסזאָגונגען, האָט קוואַליפיצירט אַזאַ האַנדלונג אַלס רענעגאַטישע און אָנגערופן זיי אַליין מיטן נאָמען רענעגאַטן. דער רעדאַקטאָר פון דער „וואָכנבלאַט" י. גערשמאַן, האָט אפילו באַשולדיקט די רעדאַקציע פון „סאָוועטיש היימלאַנד", אַז זי האָט באַהאַנדלט זײַן שטעלן זיך צווישן די רענעגאַטן פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי איידער ער איז פון איר אַרויסגעטראָטן, דאָס הייסט, אַז „סאָוועטיש היימלאַנד" האָט שיר זיך ניט אַרײַנגעמישט אין די אינערלעכע אָנגעלעגנהייטן פון דער קאַנאַדער קאָמפּאַרטיי.

דאַרפן מיר אין דעם פּראַט באַרויִקן י. גערשמאַנען. אין גאַנג פון דער פּאָלעמיק איז אָנגעוויזן געוואָרן, אַז פ. נאָוויק, כ. סולער און י. גערשמאַן — די רעדאַקטאָרן פון די צײַטונגען „מאָרגן-פרײַהייט"

און „וואָכנבלאַט" — זײַנען אָפּגעגאַנגען פון דער אידייִשער פּלאַטפאָרם פון די דאָזיקע פּראָגרעסיווע אויסגאַבעס און זײַנען דעריבער רענע־גאַטן פון דער פּראָגרעסיווער ייִדישער באַוועגונג. אגעוו, אין פּראָפ. ד. נ. אושאַקאָווס טײַטש-ווערטערבוך («Толковый словарь») פון דער רוסישער שפּראַך (באַנד 3, ז. 1338) ווערט געזאָגט: א רע־נעגאַט איז „א מענטש, וואָס האָט געביטן זײַנע איבערצײַגונגען און איז אריבער אף דער זײַט פונעם קעגנער; אן אָפּטריניקער (отступник)».

און נאָך איין פראגע ווילן מיר קורץ אופקלערן.

ווען „סאָוועטיש היימלאַנד" האָט געשריבן, אז נאָוויק און סולער אָריענטירן הײַנט אין אידייִשן פּראַט די „מאָרגן-פרײַהײַט" אף דער מיטלקלאַס-סוויווע, אף די ארופגעארבעטע אמאָליקע פּראָלעטאריער, וואָס טראָגן ארײַן אין הילפס-פאָנד צו 1000 דאָלאַר, וואָס עס באַטײַט, אז „ווער עס צאָלט, דער באַשטעלט די מוזיק", — האָט זיך אָנגעהויבן א וואיצאַקו אין דער „מאָרגן-פרײַהײַט" און אינעם „וואָכנבלאַט": מע באַליידיקט די איבערגעגעבענע לייענער! זײַנען מיר איצט מעכויעוו צו איבערכאַזערן דעם דאָזיקן באַשײַמפערלעכן עמעס און אויסדריקן די האָפענונג, אז די פּראָגרעסיווע ייִדישע פאָלקסמאַסן וועלן אַלץ טאָן, קעדײַ אויסצובעסערן די ניט נאָרמאַלע זאַכלאַגע.

פעווראַל, 1978

## שולדיק איז ניט נאָר די אינפליאַציע

די ניו-יאָרקער „מאָרגן-פרײַהײַט" האָט אָנגעהויבן ארויסגיין דרײַ טעג אין וואָך, זי איז געוואָרן אויס טאָג-צײַטונג[1]. פאַר עמעצן האָט די דאָזיקע פלוצעמדיקע דעגראַדאַציע, וועלכע דערמאָנט אן אָנזאָג אף באַנקראָט, אויסגעזען ווי א דונער אינמיטן העלן טאָג, אנדערע האָבן אזא אנטוויקלונג פאָרויסגעזען. די רעדאַקטאָרן פון דער צײַטונג גופע

1 עטוואָס שפּעטער האָט אופגעהערט אינגאַנצן דערשײַנען די קאַנאַדער „וואָכנבלאַט" (רעד. „סאָוועטיש היימלאַנד").

באגלייטן זייערע דעמאגאָגישע רייד וועגן דער פאסירונג מיט איין שטענדיקן רעפרען: „שולדיק איז די אינפלאַציע“...

וועלן מיר קוידעמקאָל ברענגען דעם פולן טעקסט פון א בריוו, וועלכן דער לייענער פון מאיאמי ביטש סעם סניידער האָט פארעפנט־לעכט אין דער „מאָרגן־פרייהייט“, דערוויסנדיק זיך, אז אזא באשלוס איז אָנגענומען געוואָרן:

„רעדאקציע „מאָרגן־פרייהייט“.

אין די לעצטע פאָר וואָכן זיינען פאָרגעקומען גרויסע געשעענישן אין דער „מאָרגן־פרייהייט“. עס איז באשלאָסן געוואָרן, אז די צייטונג זאָל ארויסגיין נאָר 3 טעג א וואָך. וועט דאָס העלפן אָפּצושטעלן דעם אונטערגאנג פון דער צייטונג? עס איז מעגלעך, א סאך לייענער זאָלן טראכטן, אז אויב זיי וועלן קענען אויסקומען אָן דער „מאָרגן־פרייהייט“ פיר טעג אין וואָך, וועלן זיי אויך קענען אויסקומען אָן איר די איבערי־קע 3 טעג.

אָבער פארוואָס אזא קריזיס? עס זיינען דאָ אין אמעריקע ארום 6 מיליאָן יידן. די רעגירונג שטערט ניט ארויסגעבן די צייטונג. ווען די „מאָרגן־פרייהייט“ זאָל האָבן וויניקסטנס 10 טויזנט באצאָלטע לייע־נער, וואָלט די לאגע געווען אַן אנדערע. איר פירט א העצע, אז אין סאָוועטנפארבאנד לאָזט ניט די רעגירונג, ס'זאָלן דערשיינען יידישע אויסגאבעס. איר ווילט ניט וויסן, אז דאָרט, פונקט ווי דאָ, לייענט ניט דער יונגער דאָר קיין יידיש.

עס איז אויך ניט קיין טרייסט, וואָס כאווער נאָוויק זאָגט, אז די „נייע פרעסע“ אין פאריזש גייט אויך ארויס נאָר 3 טעג א וואָך. ווי גרויס איז די צאָל יידן אין פראנקרייך? זייער א סאך וויניקער, איידער אין אמעריקע.

איך האָב געזען אין דער „מאָרגן־פרייהייט“ א בריוו פון פילאדעל־פיע וועגן דעם, אז דער געזעלשאפטלעכער טוער מילגרוים „האָט אוועק־געצויגן פון דער פּראָגרעסיווער באוועגונג 100 כאווירים“. עפּעס שטימט דאָ ניט. ס'זיינען אינגאנצן געווען 100—125 כאווירים, וועל־כע האָבן זיך גרופּירט ארום דער „מאָרגן־פרייהייט“, טאָ וויפל זיינען געבליבן? כאווער סולער זאָגט, אז צוליב די מיינונג־פארשיידנהייטן האָט די „מאָרגן־פרייהייט“ אין די לעצטע יאָרן פארלאָרן בלויז עטלעכע צענדליק לייענער. שטימט דאָס אויך ניט. איך האָב געלייענט אין די

לעצטע עטלעכע יאָר, אז צו די קאָנצערטן פון די קלובן, וועלכע פלעגן פּאַרקומען אין פעווראל, אָדער מארט, ווען די וועטערן זײַנען שלעכטע, זײַנען געקומען ארום 2.500 מענטשן, אָבער צו די „מאָרגן-פרײַהײַט-יובילייען אין אפּריל, ווען דער וועטער איז שענער, ווארעמער, פלעגן נאָר קומען 800—1000 מענטשן. פארוואָס האָבן ארום 1500 מענטשן באַיקאָטירט די „מאָרגן-פרײַהײַט"-קאָנצערטן? איך דענק, אז דער איינ-ציקער וועג, די „מאָרגן-פרײַהײַט" זאָל ווידער אופלעבן, איז, זי זאָל אופהערן צו זײַן אנטיסאָוועטיש, אופהערן גיין צוזאמען מיט די רעאַק-ציאָנערן קארטער, דזשעקסאָן, מאָיניהען און אנדערע פון דעם מין. איר האָט דאָך ניט קיין שום אײַנפלוס אפן סאָוועטנפארבאנד. איר פארסאמט נאָר די מויכעס פון א געוויסער צאָל לייענער.

סעם סניידער, מאיאמי ביטש"

אף דער זיצונג פון דער „מאָרגן-פרײַהײַט"-פארוואלטונג, ווו ס'איז אָנגענומען געוואָרן דער אויבנדערמאָנטער באשלוס, האָט פּ. נאָוויק אויסגעשריגן: „די „מאָרגן-פרײַהײַט" איז א קאָרבן פון דער אינפליא-ציע!" דאָס איז א האלבער עמעס, דער גאנצער עמעס איז, אז די פּראָ-גרעסיווע יידישע פּאָלקס-צײַטונג איז א קאָרבן פון די רענעגאטן פּ. נאָוויק, כ. סולטער און זייער גלײַכן.

ניט לאנג צוריק האָבן מיר געשריבן: „די געשעענישן אנטוויקלען זיך איצט מיט אזא שנעלקײַט, און זיי פאָדערן אזוי קאטעגאָריש א קלאָרע און באגרינדעטע שטעלונג, אז לאנג אופהאלטן זיך הינטער א נעפּל פון ביליקער פראזעאָלאָגיע וועט קיינעם זיך ניט אײַנגעבן. וואָס איז שײַך די יידישע געזעלשאפטלעכע אָרגאניזאציעס און זייערע צײַטונגען און זשורנאלן אין די לענדער פון דער וועלט, איז, קאָן זײַן, קיינמאָל נאָך מיט אזא קראפט, ווי איצט, ניט געשטאנען פאר זיי די פראגע: מיט וועמען זײַט איר? אף דער דאָזיקער פראגע וועט געבן אן ענטפער די צײַט".

אין מעשעך פונעם לעצטן יאָר האָט די צום פּאָליטישן דנאָ גע-פאלענע רעדאקציע פון דער „מאָרגן-פרײַהײַט" ניט דורכגעלאָזט קיין מינדסטע מעגלעכקײַט צו ווארפן שמוץ אפן סאָוועטנפארבאנד, אף דער קאָמוניסטישער פארטיי פון אמעריקע, ארומטראָגנדיק זיך דאָס מיט דער איפּעשדיקער סכוירע, וועלכע הייסט דיסידענטן, דאָס מיט אָבי-דעס און סקאנדאלן, פארוואָס מע באאולט, נעבעך, די ציוניסטן. און

„מיטאמאָל" איז קלאָר געוואָרן, אפילע פאַר די רענעגאַטן, אז עס האָט געפּלאַצט דאָס געדולד בא דעם פּראָגרעסיוון יידישן פאָלקס-מענטש אין ניו-יאָרק, טשיקאַגאָ, פילאַדעלפיע, לאָס-אַנדזשעלעס, מאַיאַמי און אין אַלע אַנדערע אַמעריקאַנער שטעט, ווו עס לעבן די רעוואָליוציאָנערע ווינטשעווסקי-אָלגין-טראַדיציעס. ווייל — דעם עמעס גערעדט: וואָס פאַר א פּראָגרעסיווער מענטש וועט זיך לאָזן אָפּנאַרן א לאַנגע צייט מיט סאָציאַלער דעמאַגאָגיע, וועלכע איז געריכטעט קעגן זיינע הייליקע אידעאַלן, און דערביי זאָלן די אָפּנאַרער פאָרעך פאָדערן, ער זאָל מאַטעריעל אונטערהאַלטן זייער טעטיקייט? איינער אַן אָנהענגער פון דער שעדלעכער ליניע פון דער איצטיקער „מאָרגן-פרייהייט", וועלכער שרייבט זיך אונטער „בערל פון פילאַדעלפיע", האָט אויך אָט אזא אויפן איבערגעגעבן (אינעם נומער פאַרן 27 אויגוסט 1978) די לאָגיק פון די פּאַשעטע פאָלקס-מענטשן: „זייער פּלאַן איז (ניט מיינער): מע מוטשעט אונדז די לעצטע 3 יאָר, קימאַט 10 מאָנאַטן אין מעשעך פון יעדן יאָר, — געלט, געלט! מע רייסט די הויט פון די, וואָס קאָנען געבן, און פון די, וואָס קאָנען ניט... עס גייט שוין איבער דעם האַלדז. און „זיי" (ניט ער. — א. וו.) טראָגן אַרויס דעם פּסאַקדין: „זאָל די „מאָרגן-פרייהייט" דערשיינען איין מאָל אין וואָך". און איך ענטפער מוז די רעדאַקציע אַנערקענען: „עס זיינען דאָ א צאָל לייענער פון דער „מאָרגן-פרייהייט" — און עס איז שווער צו שאַצן זייער צאָל, וועלכע מאַכן ניט קיין באַשטייערונגען צו דער צייטונג, ווייל זיי זיינען ניט איינשטימיק מיט איר פּאָליטישער ליניע.

אָט דאָ ליגט דער הונט באַגראָבן!

אין גאַנג פונעם לעצטן יאָר איז ביז גאָר פאַרשאַרפט געוואָרן די פּאָליאַריזאַציע פון די פּאָליטישע קויכעס. פון איין זייט, איז אַקטיוויזירט געוואָרן דער ווידערשטאַנד קעגן דעם באַשיימפּערלעכן פאַראַט פון די רעוואָליוציאָנערע אידעאַלן, וועלכער שפּאַרט אַרויס פון יעדן נומער פון דער אַמאָל פּראָגרעסיווער צייטונג; פון דער צווייטער זייט, איז שטאַרקער געוואָרן דער דרוק פונעם אַנטיקאָמוניסטישן עלעמענט, וועלכער טראָגט אַריין די טויזנט דאָלאַר אָדער האַלט אונטער די לויבעריי-העצקע אַרום דער „נייער ליניע" און פאָדערט דעריפאַר צו מאַכן אויסדריקלעכער דעם רענעגאַטישן קורס. פאַרשטייט זיך, אז פאַרלירנדיק די מאַסן, קאָן שוין די צייטונג ניט אויסמיידן דאָס מאַזל אַלץ מער

און מער איַינגעשרומפּן צו ווערן און באַקומען דעם שעם פון א. פּריוואַטער אכריַיעסלאָזער אויסגאַבע פונעם רעדאקטאָר נאָוויק און פון דעם מיטרעדאקטאָר סולער.

וויאַזוי זעען אויס אין דער שיַין פון אָט די געשעענישן די פּאָליטישע באַנקראָטן? פּ. נאָוויק האָט זיך אראָפּגעקיַיקלט ביז צו פּראָווען לעכערלעכע איליוזיעס. אין זיַין קאָלום „טאָג-איַין, טאָג-אויס" (20 סעפּטיאַבער 1978) טראָגט ער אונטער דעם לייענער אַזעלכס, וואָס זעט אויס סיַי פּאַקטיש, סיַי פון אידייישן שטאַנדפּונקט ווי זעלבסטאָפּלאַכונג. „מאָנטיק, — פאַרגייט ער זיך אין א זיסער אויסטראַכטעניש, — איז אַריַינגעקומען אין רעדאַקציע אַן אויסגעהאָרעוועטער „ריטאַיערטער" אַרבעטער (זיַין פאַמיליע? זיַין „ריטאַיערטער" פאַך? — דאָס זאָגט ניט נאָוויק, וויַיל אַזאַ „אַרבעטער" איז באַ אים אין רעדאַקציע ניט געווען... — א. וו.), א פאַרזאָרגטער און א פריילעכער: פאַרזאָרגט — וויַיל ער האָט געהערט, אַז די „מאָרגן-פריַיהיַיט" איז אין א נויט, און א פריילעכער, וויַיל ער האָט באַלד אַרויסגענומען א טשעק פון טויזנט דאָלאַר און איבערגעגעבן דער ציַיטונג". ווי ריַיך און זאָרגלאָז עס לעבט זיך די אַמעריקאַנער יידישע אַרבעטער בייס דער שוידערלעכער אינפליאַציע, פון וועלכער ס'קומט אום די „מאָרגן-פריַיהיַיט"! ניט עמעס? — מע דאַרף שוין גאָר ניט קיין סאָציאַלע רעוואָליוציע...

ווי עס זעט אויס, טרוימט נאָוויק צו פאַרבעסערן דעם מאַטעריעלן מאַצעוו פון דער „מאָרגן-פריַיהיַיט", אָנשליסנדיק זי צו די פאָנדן, וועלכע זיַינען אויסגעטיילט געוואָרן פון די ציוניסטישע צענטערס נאָך דער שווינדלערישער „וועלט-קאָנפערענץ פון יידישער קולטור" אין ירושאָלאַים. אין דער „מאָרגן-פריַיהיַיט" (7 סעפּטיאַבער 1978) לייענען מיר אין אַן אַרטיקל מיטן אונטערשריפט „פייסעך": „אָט ליגט פאַר מיר דער באַריכט פון דער קאָנפערענץ פונעם „וועלט-ראַט פאַר יידיש" אין ייסראָעל. א ספּעציעלע רעזאָליוציע איז דאָרט אָנגענומען געוואָרן, לויטן פאָרשלאָג פון יויסעף זאַלצבורג פונעם קאַנאַדער יידישן קאָנגרעס, צו שאַפן א קאָמיטעט פון פּראָמינענטע ייסראָעל-פּערזענלעכקייטן פאַר א פאָנד צו פאַרזיכערן די וויַיטערדיקע עקזיסטענץ פונעם „פאָרווערטס". די אַזויגערופענע אַפּעטראָפּסים פון יידיש ווייסן ניט, וויַיזט אויס, אַז עס זיַינען פאַראַן אַנדערע יידישע ציַיטונגען, וועלכע פאַרדינען, מ'זאָל זיי דערמאָנען, אַרויסהעלפן..."

פּ. נאָוויק איז בא דער מיינונג, אַז אין די לעצטע יאָרן האָט די „מאַרגן-פרייהייט", אויף איר „נייעם קורס", שוין געווען „פאַרדינסטן", אַז די אַנטיקאָמוניסטישע, אַנטיסאָוועטישע פאָנדן זאָלן איר אַרויסהעלפן אין דער ביטערער סיטואַציע, ווען די ייִדישע פאָלקסמאַסן האָבן זיך פון איר אָפּגעקערעוועט...

נו, און וואָס איז שייך נאָוויקס קאָמפּאַניאָן, דעם שטומפּיקן סו-לער, וועלכן דער רעדאַקטאָר האָט שוין, ווי עס איז צו זען פון דער צייטונג פאַרן לעצטן יאָר, קימאַט אינגאַנצן איבערגעגעבן די לייצעס, איז ניט פאַראַן קיין נויטווענדיקייט צו אויסטייטשן זיין „פּאָזיציע", ווייל אין דער לעצטער צייט האָט ער אַליין שוין אַראָפּגענומען די מאַסקע, און יעדערער זעט, אַז דאָס איז אַן אַנטיסאָוועטיסט, וועלכער איז גע-נייגט אָנצווועדן מעטאָדן פון פּאָליטישער פּראָוואָקאַציע.

וואָס איז געבליבן צו זאָגן אין אָט דעם שווערן מאָמענט, וועלכן עס לעבט איבער די ייִדישע פּראָגרעסיווע באַוועגונג? מיר, סאָוועטישע שרייבער און קולטור-טוער, האָבן נאָך דאַן, ווען די „מאָרגן-פרייהייט" האָט זיך געפונען אין אָנהייב פונעם פאַלשן וועג, וועלכער האָט דער-פירט דערצו און וועלכער איז מעסוגל צו ברענגען אין דער נאָענטער צוקונפט פיל מערער קאַטאַסטראָפאַלע אַנטוויקלונגען, — דעמלט נאָך האָבן מיר אַרויסגעזאָגט אונדזער שטימונג און אונדזער ווייטאָק.

איינצייטיק דריקן מיר אויס אונדזער טיפן גלויבן אין די געזונטע קויכעס פונעם פּראָגרעסיוון ייִדישן יישעוו אין אַמעריקע און אין אַנדע-רע לענדער.

פעווראַל, 1981

## אַנטיסאָוועטישע קונצשטיק פון אַ פּאָליטישן אויוועראַבאָטל

געוויינלעך, ווען עס קומט אָן פון דער דרוקעריי אַן אָרדנטלעכער נומער „סאָוועטיש היימלאַנד", שיקט די רעדאַקציע אָפּ מיט דער ערשטער פּאָטשט עטלעכע פרישע עקזעמפּליאַרן אויפן אַדרעס פון ייִדישע פעריאָדישע אויסגאַבעס אין אויסלאַנד. פאַרשטענדלעך, אַז

אזא פּריווילעגיע ווערט געגעבן די פּריַוואַטלעכע צײַטונגען און זשורנאַלן.

נאָר איין מאָל איז געמאַכט געוואָרן אַן אויסנאַם. מיר האָבן אָפּגע־שיקט דאָס ביכעלע „סאָוועטישע ייִדן: פֿאַקטן און ציפֿערן", די בײַלאַגע צו די נומערן פֿונעם זשורנאַל פֿאַר סענטיאַבער — אָקטיאַבער 1980, צו די רעדאַקציעס פֿון צוויי אַנטיסאָוועטישע צײַטונגען — דער טעלע־אַוויווער „לעצטע נײַעס" און דער ניו־יאָרקער „מאָרגן־פֿרײַהייט". די רע־דאַקציע פֿון „סאָוועטיש היימלאַנד" האָט ניט געמאַכט קיין סאָד פֿון דעם, וואָס פֿאַר אַ מיין זי האָט דערבײַ. אין דעם בריוו צו די אָנפֿירער פֿון דער „מאָרגן־פֿרײַהייט" האָט זי געשריבן:

„מיר האָפֿן, אַז איר וועט זיך באַנוצן מיט דער געלעגנהייט און איבערדרוקן אין אַ ריי נומערן פֿון אײַער צײַטונג דעם זאַרגזאַם צו־נויפֿגעקליבענעם אינפֿאָרמאַציאָן מאַטעריאַל וועגן פֿאַרשיידענע אַספּעקטן פֿונעם לעבן פֿון די ייִדן אין סאָוועטנפֿאַרבאַנד, קעדיי דער אַמעריקאַ־נער ייִדישער לייענער זאָל האָבן די מעגלעכקײַט זיך אַרײַנטראַכטן אין אים און, באַקומענדיק אויך אַף ווײַטער פֿאַקטישע מאַטעריאַלן וועגן די אַנטוויקלונגען אַף דעם געביט, אויפֿשטעלן פֿאַר זיך אַן עמעסדיק בילד"...

פֿאַרוואָס איז גראָד צו דער „מאָרגן־פֿרײַהייט" אָפּגעשיקט געוואָרן דאָס אינפֿאָרמאַציע־ביכעלע, און ניט, לעמאָשל, צו דעם „פֿאָרווערטס"? דערפֿאַר ווײַל ס'איז געווען אַ האָפֿענונג, אַז באַ די רעגעגאַטן איז פֿאַר־בליבן, אויב ניט קיין אָפּשײַ פֿאַרן פּראָגרעסיוון לייענער, איז כאָטשבי דער פֿאַרשטאַנד, אַז מע מוז זיך רעכענען מיט אים, ווײַל אויב ניט, וועט ער, ניט געקוקט אַפֿן קעפּל פֿון דער צײַטונג, זיך ענדגילטיק אָפּקערן פֿון איר.

די נוץ פֿון אַזאַ פּובליקאַציע וואָלט געווען אַ באַשײַמפּערלעכע. אין דער צײַטונג, ווו עס ווערט אַן אויפֿהער, אין מעשעך שוין פֿון אַ ריי יאָרן, געפֿירט אַן אַנטיסאָוועטישע העצע, ווו אַלדאָס פּאָזיטיוו, וואָס קומט מיט די נײַעס פֿון מאָסקווע, איז פֿאַרבאָטן און פֿאַרשוויגן און עס ווערן איבערגעכאַפּט און נאָך מער צעבלאָזן די רעכילעס־פּאַטש־קערײַען פֿון דער אָרטיקער (אַמעריקאַנער) און ייִסראָעלדיקער פֿײַנטלע־

כער צום סאָציאַליזם פּרעסע, — דאָרט וואָלט זיך באַוויזן אין א קאָנ-
דענסירטער פאָרם אן איבערדרוק פון אָביעקטיווער אינפאָרמאציע. דער
לייענער פון דער „מאָרגן-פרײַהײַט“, וועלכער איז געוווינט פון די
פריערדיקע צײַטן צו וויסן דעם עמעס וועגן דעם לעבן פון די ייִדן
אין פססר, וואָלט זיך דערוווּסט וועגן א גרויסער צאָל פאקטן, וואָס
האָבן פון כוידעש צו כוידעש געפונען אן אָפּשפּיגלונג אף די זײַטן
פונעם זשורנאל „סאָוועטיש היימלאנד“, און די „מאָרגן-פרײַהײַט“ האָט
וועגן זיי ניט געשריבן.

די דאָזיקע פאקטן זײַנען בעעמעס זייער וויכטיקע. איגנאָרירן זיי
און אין דער זעלבער צײַט אָפּעררן מיט טענדענציעז-אומפרײַנטלעכע
אָנדײַטונגען, איבערקײַענדיק אָן אופהער איינס און דאָס זעלבע פונעם
אנטיסאָוועטישן ארסענאל, — איז א פארברעכן. די פאקטן זײַנען מאַ-
מעש דערשיטערנדיק פאר א מענטשן, וואָס ווערט באארבעט פון דער
שעקער-פּראָפּאגאנדע. ווען זיי שטעלן זיך אויס אין א רײ, איין פאקט
לעבן דעם אנדערן, אלע פון היפשן מאסשטאב און פון פּרינציפּיעלער
באַדײַטונג, דאן פאלט אָפּ די מינדסטע מעגלעכקײַט פאר קאַזאַלע-
אינטריגאנערײַ.

בעעמעס, ווען די רעדאקטאָרן פון דער „מאָרגן-פרײַהײַט“ זאָלן
געווען ארײַנלאָזן אין דער צײַטונג אָט די דאָזיקע פאקטן, וואָלטן די
לייענער זיך דערוווּסט, אשטייגער, וויאזוי עס האָט אין 10-טן פינפיאָר
געלעבט די ייִדישע אווטאָנאָמע געגנט; ס׳וואָלט ניט דורכגעגאנגען פאר
זיי אומבאמערקט, אז פאר 4 יאָר פונעם פינפיאָר האָט די סאָוועטישע
מעלוכע ארײַנגעלייגט אין דער אינדוסטריעלער און קולטור-בויונג פון
ביראָבידזשאן 230 מיליאָן רובל; אז דאָרט ארבעטן איצט אף די פעל-
דער 2620 טראקטאָרן, העכער 1000 קאָמבײַנען; אז פאר די זעלבע
4 יאָר האָבן די ביראָבידזשאנצעס באקומען נײַע וווינונגען מיט אן
אלגעמיינעם שעטעך פון 350.000 קוואדראטע מעטער; אז אין דער
געגנט זײַנען פאראן 120 קלובן, מוזיקאלע שולן, א קונסט-שול, א

פילהארמאָניע, 4 פאָלקס-טעאַטערן (צווישן זיי דער יידישער, וועלכער איז א ליבלינג אין דער גאנצער רוסלענדישער פעדעראציע), א נייער יידישער מוזיקאלער קאמער-טעאַטער; די ביראָבידזשאנער געגנטלעכע ביבליאָטעק אויף שאָלעם-אליכעמס נאָמען פארמאָגט העכער 150.000 בענדער אויף יידיש, רוסיש אאַ. שפראכן; די טעגלעכע ראַדיאָ-טראנסלי-רונגען ווערן געפירט אין יידיש און רוסיש; יעדער דריטער מענטש אין דער געגנט לערנט זיך...

ווען די רעדאקטאָרן זאָלן געווען ארייננלאָזן אין דער צייטונג די פאקטן פון דעם רעאַלן קולטור-לעבן פון די סאָוועטישע יידן, וואָלטן די אמעריקאנער יידישע לייענער זיך דערוווסט ביז גאָר אינטערעסאנ-טע און באלערעוודיקע פרישע נייַס. אין דער אוקראַינישער שטאָט פע-רעיאסלאוו איז מיט א פייערלעכן מאסן-מיטינג געעפנט געוואָרן א שאָלעם-אליכעם-מוזיי. אין לענינגראד האָט מען עקספּאָנירט אן אויס-שטעלונג, געווידמעט דעם 120-טן געבורטסטאָג פונעם יידישן קלאסי-קער. אין דער שטאָט ביראָבידזשאן האָט באוויזן זיין פּרעמיערע דער נייער מוזיקאלער קאמער-טעאַטער (דער פּאַרטרעטער פונעם מיניסטער פון קולטור פון דער רוסישער פעדעראציע א. פליארקאָווסקי, וועלכער איז ספּעציעל געקומען צו פליען קיין ביראָבידזשאן אויף דער פּרעמיערע, האָט דערקלערט: „דאָס שאפן דעם נייעם נאציאָנאלן טעאַטער איז אָן סאָפּעק א וויכטיקע דערגרייכונג אינעם קולטור-לעבן פון אייער אווטאָ-נאָמער געגנט און פונעם גאנצן פילנאציאָנאלן סאָוועטישן היימלאנד").
דער ווילנער יידישער פאָלקס-טעאַטער האָט אָפּגעמערקט זיין 20-יאָריקן יובילײ. דער קאָוונער יידישער וואָקאלער אנסאמבל, צוזאמען מיטן דראמאטישן קאָלעקטיוו און דזשאז-אָרקעסטער, האָט באוויזן א נייע פּראָגראם. דער פּראָפעסיאָנעלער מאָסקווער יידישער דראמאטישער אנסאמבל האָט דורכגעמאכט אן אָרדנטלעכע גאסטראָל-רייזע. ריגע, דאוגאווּפּילס, רעזעקנע, זאפּאַראָזשיע, דאָנעצק, כערסאָן, ניקאָלייעוו, טיראספּאָל, בענדערי, בעלץ, נאָוואָסיבירסק, אופא, טשעליאבינסק, אָמסק,

קראַסנאָיאַרסק, וויטעבסק, באָברויסק, האָמעל, פּאָלאָצק — אזא איז דער „צושויער-זאַל" פונעם פּראָפעסיאָנעלן ייִדישן סאָוועטישן טעאַטער בײַם זײַנע גאַסטראָלן.

ווען די רעגעגאַטן פון דער ניו-יאָרקער „מאָרגן-פרײַהײַט" וואָלטן ניט דערשטיקט די נײַס-אינפאָרמאַציע, וועלכע קומט פון מאָסקווע, דאַן וואָלטן די ייִדישע לייענער און קולטור-אָפּנעמער אין אמעריקע זיך דערוווּסט, אַז אין סאָוועטנפאַרבאַנד זײַנען אין מאָמענט, ווען ס'איז צוגעגרייט געוואָרן צום דרוק דאָס אינפאָרמאַציע-ביכעלע, דערשינען אין א בוך-פאָרם פיל נײַע אינטערעסאַנטע ווערק פון ייִדישע שרײַבער; אַז אין מאָסקווע האָט די אַלפאַרבאַנדישע פירמע „מעלאָדיאַ" פּראָדוצירט נײַע ייִדישע לאַנגדויערנדיקע פּלאַסטינקעס — סידי טאַל'ס און סאָפיע סײַטאַנס; אַז אפן טראַדיציאָנעלן מאָסקווער יאָמטעוו פון קונסט אונטערן נאָמען „רוסקאַיאַ זימאַ" (אף וועלכן ס'זײַנען געקומען צו פאָרן פון 50 לענדער 40.000 געסט) איז איינע פון די פּראָגראַמען פונעם אקאַדעמישן מעלוכישן סימפאָניע-אָרקעסטער באַשטאַנען אויסשליסלעך פון ווערק פון דער ייִדישער קלאַסישער און הײַנטצײַטיקער מוזיק. דער קאָנצערט איז פאָרגעקומען אין גרויסן זאַל פון דער מאָסקווער קאָנסערוואַטאָריע אפן צווייטן טאָג פונעם פעסטיוואַל. הויפּט-דיריזשאָר פונעם סימפאָנישן אָרקעסטער איז געווען דער פאָלקס-אַרטיסט פון פססר, לאַוּרעאַט פון דער לענין-פּרעמיע און פון דער מעלוכע-פּרעמיע פון רספסר יעווגעני סוועטלאַנאָוו (צווישן אַנדערע מוזיקאַלע ווערק האָט דער סימפאָנישער אָרקעסטער אויסגעפילט ע. בלאָכס „באַלשעם"); אַז אין טבּיליסי איז „געווען א יאָמטעוו; פילפאַרביקע אפישן און קינסטלערישע פּלאַקאַטן האָבן געגעבן צו וויסן, אַז אין דער גרוזינישער הויפּטשטאָט האָט זיך געעפנט א גרויסע פּערסאָנעלע אויסשטעלונג פונעם לענינגראַדער ייִדישן מאָלער שלוימע גערשאָוו. אין דרײַ ראַכוועסדיקע זאַלן פונעם צענטראַלן קונסט-מוזיי זײַנען אַרויסגעשטעלט געוואָרן אַרום 200 קינסטלערישע בילדער"; אַז זייער הויך זײַנען לעצטנס אין מאָסקווע געשאַצט געוואָרן די נײַע אַרבעטן פונעם ייִדישן גראַפיקער הערש אינגער, דעם איליוסטראַטאָר פון שאָלעם-אַלייכעמס ווערק, דעם אַוטאָר פון פּסיכאָלאָגישע פּאָרטרעטן און פון זשאַנער-בילדער; אַז עס ווערן

דורכגעפירט אָוונטן פון דער סאָוועטישער יִדישער ליטעראַטור אין איינער פון די גרעסטע מאָסקווער ביבליאָטעקן — דער צענטראַלער עפנטלעכער ביבליאָטעק אַף נ. א. נעקראַסאָווס נאָמען, וועלכע האָט אײַנגעפירט בא זיך א רײַכן פאָנד פון יִדישע ביכער און אײַנגעשטעלט א סיסטעמאַטישן קאָנטאַקט מיטן זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד", מיט די סאָוועטישע יִדישע שרײַבער; אז אין דער לענינגראַדער צענטראַלער עפנטלעכער ביבליאָטעק באַטרעפט דער פאָנד פון ביכער אין יִדיש 18.800 טיטל-נעמען, און אין העברעיִש — 18.400. די אָפּטיילונג, ווו עס זײַנען קאָנצענטרירט אָט די ביכער-אוצרעס, באַזוכן פיל לייענער. לעצטנס זײַנען דאָ אײַנגעאָרדנט געוואָרן צוויי אויסשטעלונגען פון דער יִדישער ליטעראַטור.

ווען די בייזוויליקע פעלשער פון דער „מאָרגן-פרײַהײַט" וואָלטן כאָטש אַף א רעגע זיך צווינגען אָפּצוטרעטן פון זייער טאַקטיק צו אונטערדריקן יעדעס וואָרהאַפטיק וואָרט וועגן סאָוועטנפאַרבאַנד, וואָלט דאַן דער אַמעריקאַנער יִדישער לייענער זיך דערוווּסט, אז אין די ביראָבידזשאַנער קינדער-שולן ווערט אײַנגעפירט דער לימעד פון יִדישער שפּראַך, און צוליב אָט דעם צוועק ווערן שוין געשאַפן די נייטיקע לערנביכער; זיי וואָלטן אויך באַקומען פון דער ערשטער האַנט אַזעלכע וויכטיקע מאַטעריאַלן, ווי א גענוי צעטל פון 132 העלדן פון סאָוועטנפאַרבאַנד — יִדן, וואָס האָבן ניט געשוינט זייער לעבן באַם פאַרטיידיקן פון סאָנים דאָס היימלאַנד פון דער גרויסער סאָציאַליסטישער אָקטיאַבער-רעוואָליוציע, ווי אויך מאַטעריאַלן וועגן דער פאַקטישער לאַגע, וועלכע האָט זיך געשאַפן אַרום דער עמיגראַציע פון אָפּגענאַרטע מיצאַד דעם ציִעניזם יִדן, וועגן דעם אופהאַלט פונעם יִדישן רעליגיִעזן וועזן אין סאָוועטנפאַרבאַנד אַאַוו.

קורץ, דאָס דערשײַנען פון דעם ביכעלע „סאָוועטישע יִדן: פאַקטן און ציפערן" האָט אָן און פאַר זיך אָוועקגעשטעלט די פראַגע וועגן דער נייטיקײַט צו באַלײַכטן אַף אן ערלעכן אופן דעם מאַצעוו פון די סאָוועטישע יִדן, „אַרום וועלכן עס דרייען זיך הײַנט אַרום אין די אויסלאַנדס אַזויפיל געוויסנלאָזע שרײַערס, אויסטײַטשערס, אייצע-געבער — אַגיטאַטאָרן פון דער כעווראַ שאָדנטרעגער, אָבסקוראַנטן, אַנטיסאָוועטיקער, פּראָפעסיאָנעלע אונטערהעצער", וואָס צווישן זיי טרעפן

מיר אין די לעצטע יאָרן די רענעגאַטן אין דער „מאָרגן-פרײַהײַט"-רעדאַקציע פּ. נאָוויק, כ. סולער און זייער גלײַכן.

ס'איז ניט שווער געווען פאָרויסצוזען, אַז אָט די פּאָליטישע באַנקראָטן וועלן ניט מאַסקים זײַן אָפּצודרוקן אין דער „מאָרגן-פרײַהײַט" די אויבנאָנגערופענע אָביעקטיווע אינפאָרמאַציע וועגן דעם לעבן פון די סאָוועטישע ייִדן. אָנשטאָט דעם, האָט פּ. נאָוויק פאַרעפנטלעכט אין צוויי נומערן פון זײַן בלאַט אַן אַרטיקל, וואָס איז פון אָנהייב ביזן סאָף אַ שיזאָפרעניִשער מישמאַש פון אײַנגעכאַזערטע סטערעאָטיפּן — מיט פלאַנטערנישן, מיט אַלגעמיין באַוווּסטע „היסטאָרישע עקסקורסן", מיט איבערקײַען אינטריגאַנסקע פּאַרופּונגען אויף „אַמאָל איז געווען" און „אַמאָל איז געשען", אָנשטאָט דערלאָזן, ס'זאָל באַוווּסט ווערן דאָס, וועגן וואָס עס גייט אַ רייד איצט. פּ. נאָוויקס פאַטשקערײַען האָבן ניט די ווערט, מע זאָל אויף זיי דערווידערן, און מיר וועלן דאָס ניט טאָן, ווײַל, ווי עס קומען אָן גרויסן פון פּשא, זײַנען זיי אויך דעם דורכשניטלעכן לייענער פון דער „מאָרגן-פרײַהײַט" שוין גענוג דערעסן; די רענעגאַטן דראַקען אָן זייערע אַנטיסאָוועטישע געמיינקייטן ניט פאַרן האַרעפּאַשנעם לייענער, נאָר פאַר די הײַנטיקע מוזיק-באַשטעלער אין דער „מאָרגן-פרײַהײַט", וועלכע צאָלן פאַר דעם אָפּטריט-געלט — ווער טויזנט דאָלאַר און ווער נאָך מערער.

וואָס איז שײַעך דעם דעמאַגאָגישן אופן, מיט וועלכן ס'האָט זיך באַנוצט פּ. נאָוויק, אַ געטראָפענער פונעם פאָרשלאָג פון דער רעדאַקציע פון „סאָוועטיש היימלאַנד" אָפּצודרוקן אין דער „מאָרגן-פרײַהײַט" די מאַטעריאַלן פונעם ביכעלע „סאָוועטישע ייִדן: פאַקטן און ציפערן", קאָנען מיר זאָגן דאָס פאָלגנדיקע:

ס'איז שוין ניט איין מאָל געשען אַזעלעכס מיטן רעדאַקטאָר פון דער געוועזענער פּראָגרעסיווער, איצט אַנטיקאָמוניסטישער, פּראָציאָניסטישער צײַטונג. ניט זײַענדיק בעקויעך צו באַזייטיקן לאָגיש די אויסגאַנגלאָזע פאַר אים לאַגע, אין וועלכער ער אַליין האָט זיך אַוועקגעשטעלט, הייבט ער אָן מאַכן לעכערלעכע האַווײַעס, בעלעבעטשענדיק אויוואָרבאָטלדיקע רייד. דערבײַ איז דער „פּונקטיק" זײַנער, אויף וועלכן ס'האָט אים אָנגעכאַפּט דאָס צעמישעניש, — פּיזיאָלאָגישער אַנטיסאָוועטיזם.

פּעוורואַל, 1981

# צי איז מעגלעך קאַמפּענסירן ליטעראַרישע אימפּאָטענץ מיט אנטיסאָוועטיזם?

לאָמיר, קוידעמקאָל, זיך א ביסעלע אריַינלייענען אין די שורעס, וואָס עס שריַיבן איצט אין די אמעריקעס, געוועזענע יידישע פּאָעטן, וועלכע האָבן איצט אין זייער שריַיענדיקער פּראָפעסיאָנעלער אימפּאָטענטקיַיט זיך אָפּגעגעבן דעם אנטיסאָוועטישן געמויזעכץ אין דער דערנידעריקטער „מאָרגן-פריַיהייַט". דערבייַ ווילן מיר האָפן, אז דער לייענער וועט זיך ניט נעמען צום הארצן, וואָס אָט דאָס „ליטעראַרישע" מיסט איז צונויפגעשאַרט אין א קופּע, און, אלס אויסנאַם, איז פאַר דעם אָפּגעגעבן א שטיקל אָרט אין „סאָוועטיש היימלאנד".

אָט וועגן וואָס און וויאַזוי זיי שריַיבן.

מאַרטין בירנבוים:

עס קענען די שיידים,
וואָס שאַרן די זשאַרן
און א מענטשנס אינפּערנאָ
ניט געפינען
א פּעך אזא גליַיך־געדיכטן,
וואָס זאָל א טראָפּ האָניק ניט האָבן באַהאַלטן
אין סמאָלע־צעקאָכטן, העסלעכן שפּאַלט —
אזא גאָלדענע זערנע;
א בלוי, בלוי, בלעזל קישעף,
וואָס קען אלצדינג פאַריכטן
און ראַטעווען ס׳פליַיש פון די גלוטן
און קילן דאָס פיַיער פון פיבער
און אָנטאָן אויף ביינער פאַרקוילטע
א נייַע, א ריינע געשטאַלט.
ווי ווילד ס׳זאָל ניט העשען דאָס פיַיער
און ריַיסן די אינגעווייד־טיפן,
ווי פון א טיגער
א הונגעריקע קלאָ —
טראָפּט פאָרט פון א צעל, ווו
די קילקייַט (אאוו., אדג.)

(ניין, מיר פאַרשטייען אויך קיין וואָרט ניט אין דעם דאָזיקן שטראָם-גראַם, וואָס עס האָט אָנגעלייאַפּעט דער שונדיסט נאָך דעם, ווי ער האָט, ווי די לייענער וויסן שוין, זיך דערלויבט צו באַשמוצן אין פּונקט אַזאַ שראַבעכץ די רויטע פאָן, דעם קאָמוניזם, דעם סאָ-וועטנפאַרבאַנד. אויב עס וועט זיך געפינען אַן עסטעט, וואָס וועט פאַר-קוועטשן בא זיך די נאָז און אָפּקערן דאָס פּאָנעם, וועלן מיר אים פרעגן, צי ער טראָגט ניט אַרײַן אין דער קאַסע פון דער איצטיקער „מאָרגן-פרײַהייט" זײַנע אָפּגעשפּאָרטע דאָלאַרן, קעדיי באַוואָרענען א טריבונע פאַר די בירנבוימס...).

דער צווייטער „שיין-גײַסט" — שאָלעם שטערן:

טרער פון צאָרן גליטשט זיך
אויף דער גערינצלטער באַק,
און נישטאָ ווער
עס זאָל זיך דערבאַרעמען
אויפן פאַרשטויסענעם, וואָס
דרימלט אויפן קויט
פון א פוילנדיקן זאַק
און אין צעשראָקענעם כאָלעם
רייצט דער רייעך
פון א פריש־געבאַקן ברויט.

(מיר וועלן דערמאָנען דעם לייענער, אַז אָט דער פיזיאָלאָגישער גראַפאָמאַן, וואָס רופט אונדז צו דערבאַרעמען זיך אַפן „פאַרשטויסענעם, וואָס" — האָט זיך גענומען פאַר א טעווע צו געבן אין דער זעלבער „מאָרגן-פרײַהייט" אָפּשאַצונגען דער סאָוועטישער ייִדישער פּאָעזיע און לייענען איר מאָראַל...).

נאָך איינער — בער גרין, א דיכטער, וועלכער האָט זיך געלאָזט פירן פון נאָוויקן-סולערן, און הײַנט גיט ער אַרויס אַזאַ פּראָדוקציע:

ווען קיינער זעט ניט און הערט ניט,
ליג איך און וויין:
ווען קיינער מיר שטערט ניט,
ווער איך אויס שטיין...

(אַט וויאַזוי דעם דאַזיקן בריליאַנט שאַצט אָפּ אין דער זעלבער „מאַרגן-פרייַהייַט" שאַלעם שטערן: „בא גרינען זייַנען נישטאָ קיין דוממים אין דער נאַטור. מיר זייַנען נישט אַזוי אויסגעשליפן מיט די כושים צו הערן, ווי דער פאַרגליווערטער שטיין פאַרגייט זיך אין געוויין. דער שטיין האָט אויך אַ האַרץ, און עס וויינט אין פּייַן. מעסט עס אָן אויף אַ לייַדנדיקן מענטש, וואָס פאַרשליסט זיך אין זיך אַליין, ווי עס גיסט זיך דאָס געוויין און שטראָמט צוריק אין פּייַנען-קוואַל פון זייַן בענקענדיקן געמיט. דאָס, מיין איך, וויל אונדזער ליבער און ליריש-ליכטיקער ליריקער בער גרין לאָזן וויסן...[1] („מאַרגן-פרייַהייַט", 1980.7/IX)". איר זעט אַ מיוון אָף דעם „ליריש-ליכטיקן" און אָף זייַן אויסטייַטשער? — ווי דאָס ווערטל זאָגט: שאַנדרע באַנדרע — איינס ווי דאָס אַנדרע...).

די געבראַכטע בייַשפּילן וואָלטן געקאָנט דינען בלויז אַלס סיגנאַל וועגן דער אַראָפּגיידערונג פונעם קוואַליטאַטיוון ניוואָ פון די דיכטערישע פּובליקאַציעס, ווען ניט זייער פּאָליטישער מאַקער. די זאַך איז אין דעם, וואָס די אווטאָרן פון דער געגראַמטער כאַרפּע זייַנען לאַכלוטן אויסגעליידיקט אין פּראָפּעסיאָנעלן זין, אָבער אָנשטאָט זיי זאָלן אין אָט דער טרויעריקער לאַגע אופהערן צו דולן אַ קאָפּ דעם לייענער, זייַנען זיי געפאַלן אַפּן געדאַנק, אַז אויב ווערן אונטערפּויקערס פון דער רענעגאַטישער „מאַרגן-פרייַהייַט", וועט עס געבן אַ מעגלעכקייַט זיך אופהאַלטן אין דער פונקציאָנירנדיקער זיכטונג.

לעצטנס איז געוואָרן קאַדאַכעסדיק אַקטיוו נאָך איין פּען-ספּעקוליאַנט מיט אַנטיסאָוועטיזם א. ראַנטש. ער האָט אַמאָל געהערט צו דער פּראָגרעסיווער גרופּע „פּראָלעטפּען", איצט אָבער שרייַבט ער אַזוי:

[1] איבערגעדרוקט וואָרט אין וואָרט, אָן פאַרבעסערונגען, ווי דער אווטאָר האָט עס געשריבן (א. וו.).

ווי פון באַקסערס א גער־אנגל
האלטן דיך געפאנגען
דײַנע אייגענע פארלאנגען,
און זיי שטופּן זיך און שטויסן,
ווייסט ניט וואָס זיי זײַנען אויסן,
אַלץ איז גלאטיק פון דײַן דרויסן.
שמייכלסט, ווי ס׳וואָלט דיך ניט ארן,
קאָנסט בלויז שאָכן דײַנעם נארן.
צווישן שמייכל און גערראנגל
איז דײַן „איך" דאָך הינטער שטאנגען.
ס׳גייט קעסיידער אָן גערראנגל.
קומט א גלעט און טוסט זיך לויבן,
כאפסט א זעץ און פאלסט אין שטויבן!
סע פּיקן דיך די שפארבערס און די טויבן.

ראַנטש מיינט, אז ער ווייסט, וויאַזוי זיך ארופדראפּען אף אן אָנגעזייפטן סטויפ. ניט לאנג צוריק האָט ער צוליב דעם אָנגעשמירט די הענט מיט שמוציקן אנטיסאָוועטיזם און אזש פארגליכן די סאָוועטי־שע ארמיי צו די נאצים... פארשטייט זיך, אז מיט אזעלכע מיטלען זיך אופהאלטן אפן ליטעראַרישן אויבערפלאך, ניט האָבנדיק דערצו קיין שעפערישע פּאָטענץ, איז אומעגלעך. ראַנטש האָט זיך, גאָט צו דאנקען, גלײַך צוריק אראָפּגעגליטשט, און דער קלוגער לייענער לאכט, צוקוקנ־דיק עס: אן אלטע ציג, אָן מילך און אָן שמאלץ, און וויל פּאָרט לעקן זאלץ...

מיר האָבן די געשיכטע דערציילט, ניט מיינענדיק אזויארום צו פירן א וויקועך מיט די געוועזענע. איינער פון זיי — שאָלעם שטערן — האָט אין א ליד מיטן סוידעספּולן נאָמען „פארוואָס?" אונדז פארשפּאָרט א גאנג: „מײַן ליד, וואָס איך שרײַב, דערהייבט ניט קיינעמס געמיט און היילט ניט פון קראנקע דאָס לײַב. ליד מײַנס, האָסט גאָרניט דער־גרייכט"...

אָקטיאבער, 1981

## די רעאַקציאָנערע, פּראָציאָניסטישע קנופּיע
## נאָוויק—סולער באַם ראַנד פֿון באַנקראָט

דער אָפּגעהיטער לייענער, וועלכער האָט אַ געוויסע צײַט נאָך
אָנגעהאַלטן דאָס געפֿיל פֿון ייִראַס-האַקאָוועד צו דער ווינטשעווסקי-אַלגין-
צײַטונג „מאָרגן-פֿרײַהײַט“, איז אונטער דער ווירקונג פֿונעם פּראַט
פֿון די איצטיקע רעדאַקטאָרן אָפּגעגאַנגען פֿון איר און אופֿגעהערט לייגן
זײַנע אָפּשפּאָרונגען אין דער קעשענע פֿון די רענעגאַטן. די „מאָרגן-
פֿרײַהײַט“, וואָס איז אין איר רעוואָליוציאָנער-פּראָגרעסיווער צײַט געווען
אַ גרויסע טאָג-צײַטונג מיט מאַסן לייענער, האָט פֿאַר די קימאַט צען
יאָר, אין מעשעך פֿון וועלכע ס'איז אָנגעגאַנגען דער דאָזיקער פּראָצעס,
גענומען אַרויסגיין צוערשט דרײַ טעג אין וואָך, און איצט איז זי אײַנגע-
שרומפּן געוואָרן ביז דער פּעריאָדישקײַט פֿון איין מאָל אין זיבן טעג.
ס'איז אויך קיין סאָד ניט, אַז זי האָט אָנגעהויבן דאָס 1981 יאָר מיט
אַ קאַטאַסטראָפֿאַל-נידעריקן טיראַזש, וועגן וועלכן אַ שריפֿטשטעלער,
וואָס איז פֿאַרבליבן צווישן אירע אווטאָרן, האָט זיך אָנומלטן אויסגע-
דריקט, אַז דאָס אויסלייז-געלט סטײַעט ניט אָף אָנהאָדעווען אַ קײַלעכ-
דיק יאָר די מיטאַרבעטער פֿון דער רעדאַקציע, אײַנגעשלאָסן דאָס
פֿינאַנסירן זייערע יאַזדעס אַהער און אַהין איבערן לאַנד אָף אײַנצוהאַלטן
די לייענער, זיי זאָלן זיך ניט צעלויפֿן.

זײַענדיק געשולט אין דער דעמאַגאָגיע פֿון פֿאַרופֿן זיך אָפֿן נאָמען
פֿון דער צײַטונג, אָף די גײַסטער פֿון פֿאַרשטאָרבענע קרישטאָל-ריינע
פּאָרגייער, וועמענס גרויסע יערושע זיי האָבן געשענדעט, ספּעקולירנ-
דיק אָף דער ליבע פֿון די פֿאָלקסמאַסן צו דער אַמאָליקער „מאָרגן-
פֿרײַהײַט“, האָבן נאָוויק, סולער און זייערע אונטערטענצער אויסגע-
רעכנט אָף די דאָלאַרן, וואָס עס וועט זיך אײַנגעבן אַרויסשלעפּן מיט
סענטימענטאַלע גרימאַסן. דער מאַסן-לייענער זאָגט אָבער: ניין. עס
נעמט אַ סאָף צום געדולד. ס'קאָן ניט זײַן, אַז אַ האָרעפּאַשנער אַמערי-
קאַנער ייִד, וועלכער טראָגט אין האַרצן דעם צויבער פֿון פּראָגרעס און
סאָציאַליזם, די שײַן פֿון דעם אָקטיאַבער-לאַנד, זאָל געבן געלט אָף
דרוקן סיסטעמאַטישע אַנטיקאָמוניסטישע און אַנטיסאָוועטישע פּאַטש-
קערײַ.

זייענדיק צוגעשפּאַרט צו דער וואַנט, האָט די קנופּיע אָנגעהויבן לייגן אירע האָפענונגען אויף יענעם שיכט פון דעם ארופגעארבעטן אוילעם, וועלכער „קאָן געבן א טויזנטער" — פּראָסט גערעדט, זי האָט איבערגעגעבן דעם אידעאָלאָגישן און פּאָליטישן פּאָטענציאַל פון דער „מאָרגן-פרייהייט" אין די הענט פון דעם שוין פון פריער אָנגעשטעקטן מיט נאַציאָנאַליזם, ציוניזם און סאָוועטן-פרעסערייַ יידישן באַלעבעסל. און ווען אויך דאָס האָט ניט געדעקט אַלע האַכנאָסעס, איז עטלעכע מאָל פאָרגעקומען געוואָרן א פּרוּוו צו ווענדן זיך נאָך הילף צו דער אָפענער יידישער רעאַקציע, אונטערזאָגנדיק איר, אז מיט אזא רופאָר פון אַנטי־קאָמוניזם וואַרפט מען זיך ניט און אז די „מאָרגן-פרייהייט" פון נאָוויק — סולער איז נאָך בעקוועמער אוועקצופירן אינעם לאַגער פון די אַמאַליקע קעגנער פון דער ווינטשעווסקי-אָלגין-„מאָרגן-פרייהייט" א געוויסע צאָל פאַרטשאַדעטע מענטשן. נאָוויק האָט שוין געפירט אונטערהאַנדלונגען מיט איינעם פון די זיילן פונעם „יידישן אַנטיקאָמוניזם" מאַרגאָשעס, ער האָט געפּרוּווט זיך צוזעצן אויף א זייַטיק בענקל בא דער ציוניסטישער בלאָפער-קאָנפערענץ ארום יידיש, אָפּגעגעבן ניט ווייניק אָרט אין דער „מאָרגן-פרייהייט" די „אַמאָליקע כאַווייריִם" — איצט ציוניסטן און בונדאָווצעס און גלאַט פאַרביטערטע געוועזענע — אויף צו בייטן זיך מיט אידעאָלאָגישער דערפאַרונג און אויפזוכן באַריר-פּונקטן.

דאָס אַלץ האָט אָבער ניט געהאָלפן. עס האָט ניט געגעבן קיין עפעקט נאָוויקס דירעקט ווענדן זיך מיט א ראַטעוועט-געשריי צו דער יידישער רעאַקציע, וועלכע האָט איר לאָגיק: אזעלכע, ווי נאָוויק, סולער, ווי דער קאַנאַדער רענעגאַט גערשמאַן און זייער גלייַכן זייַנען שוין אינעם אַנטיסאָוועטישן אַרסענאַל פאַראַן פון די פריערדיקע יאָרן. מע קאָן דערמאָנען כאָטשבי דעם איבערלויפער פון דער „מאָרגן-פרייהייט" אין די מאַקאַרטי-צייַטן שימען וועבער, וועלכער איז הייַנט רעדאַקטאָר פונעם „פאָרווערטס". אזעלכע לייַט זייַנען אויך פריער געווען. דער פּאָליטישער פּאַרצוף פון נאָוויקן און זייַן קנופּיע איז שוין פאַר אַלעמען קלאָר, און זיי טוען „די זאַך" פּלייַסיק אין די ראַמען פון דער „מאָרגן-פרייהייט". איז צוליב וואָס דאַרף מען זיי האָבן אויף די אָפענע טריבונעס, אונטער איין דעכל מיט די אָפּישירטע „נאַציאָנאַלע" אָפּאַראַטשיקעס? זאָלן זיי בעסער עקזיסטירן אונטער דער שירמע פון א „פּראָגרעסיווער צייַטונג".

די סיטואַציע איז, אַלזאָ, אַן אויסגאַנגסלאָזע פֿאַר דער נאָוויק—סולער-קנופּיע. ס'איז אַ גרויסער ספֿק, צי עס וועט זיך איר איינגעבן אין דער נאָענטער צוקונפֿט ווידער צונויפֿשנאָרעווען באַ נאַיווגלייבנדיקע די נייטיקע פֿינאַנסן, קעדיי פֿירן ווײַטער אין זייער וואָכןפֿעלשערן די טעטיקײַט, וואָס ברענגט פֿיל שאָדן דער פּראָגרעסיווער באַוועגונג. ווען זיי נעמען זיך שאַנטאַזשירן די לייענער מיט געשרייען: „גיט געלט, אויב ניט, וועט די אַלגין-צײַטונג אופֿהערן עקזיסטירן!" — באַקומען זיי אַלץ אָפֿטער אַ האַרבן ענטפֿער: „אײַער צײַטונג האָט שוין פֿון לאַנג קיין שום שײַכעס ניט מיט דער רעוואָליוציאָנערער, פּראָגרעסיווער, אַלגין-טראַדיציע, פֿאַרקערט — זי איז דירעקט געווענדט קעגן איר און פֿאַרשוועכט אירע ווערטן. אַן ערלעכער אַרבעטס-מענטש קאָן ניט דערלויבן, אַז אויף זײַנע געלט-מיטלען זאָל מען פֿאַרשפּרייטן אַנטיקאָמוניזם, פּראָציאָניזם, רעאַקציע און אַנטיסאָוועטיזם".

אָקטיאַבער, 1981



---


ארן ווערגעליס

**אַ וואָרט אפֿן אָרט**
(פּאָלעמישע נאָטיצן)
העפֿט 2

מ., „סאָוועטסקי פּיסאַטעל״, 1984, 128 זײַטן
רעדאַקטאָר — כ. ביידער
קינסטלערישע און טעכנישע רעדאַקטור —
ס. טשערניאַק, יע. קאַפּלאַן
קאָרעקטאָר — כ. אָסטראָווסקי


---


**Арон Вергелис**

МЕТКОЕ СЛОВО
*(полемические заметки)*
Выпуск 2

М., «Советский писатель», 1984, 128 стр.
Редактор Х. Бейдер
Художественная и техническая редакция
С. Черняк, Е. Каплан
Корректор Х. Островский


---

